# סאַלאָמע.

טראגעדיע אין איין אקט

פֿון

**אסקאר ווײלד.**



איבערזעצט פֿון א. פרומקין.



אַרויסגעגעבען פֿון ל. פרידמאן,
לאנדאן, 1909.

גערדרוקט ביי י. נאַראָדיצקי, 48 מייל ענד רויד, לאנדאן, איסט.

## פערזאנען:

הורדום, וויצע-קעניג פון יהודה.

יוחנן, דער נביא.

דער יונגער סיריער, קאפיטאן פון דער לייב־גוואַרדיע.

טיגעלינוס, אַ יונגער רוימער.

א קאפאדאציער.

א נוביער.

ערשטער זעלנער.

צווייטער זעלנער.

הורודיה׳ס דיענער.

אידען, נוצרים א. אַז. וו.

א שקלאף.

נעמן, (דער תליון).

הורודיה, דעם וויצע-קעניגס ווייב.

סאלאמע, הורודיה׳ס טאָכטער.

סאלאמע׳ס שקלאפינען.

אַ גרויסער באַלקאָן אין הורדוס'עס פּאַלאַץ, ביים פּעסט-זאַאַל. עטליכע זעלנער זיצען אָנגעלעהנט מיט די עלענבויגען אויף די פּאַרענטשעס. רעכטס געפינט זיך אַ מעכטיגער טרעפּען-גאַנג; לינקס הינטערווייזלאַכס אַן אַלטע ציסטערנע מיט אַ צוים פון גרינעם בראָנז. עס שיינט די לבנה.

יונגער סיריער. ווי שעהן די פּרינצעסין סאַלאָמע איז דאָס היינט אָבענד!

הורודיה'ס דיענער. טהוט נאָר אַ קוק אויף דער לבנה — די לבנה זעהט אויס זעהר מאָדנע. מען וואָלט געזאָגט, זי איז אַ פרוי, וואָס שטעהט אויף פון קבר. זי זעהט אויס ווי אַ טויטע פרוי. מען וואָלט כ'לעבען געקענט מיינען, אַז זי זוכט טויטע זאַכען.

יונגער סיריער. זי זעהט אויס זעהר מאָדנע. זי איז פּונקט ווי אַ קליינע פּרינצעסין, וואָס טראָגט אַ געלען שלייער און איהרע פיס זיינען פון זילבער. זי זעהט אויס ווי אַ פּרינצעסין, וואָס האָט פיס, ווי ווייסע טייבעלאַך. מען וואָלט כ'לעבען געזאָגט, זי טאַנצט.

הורודיה'ס דיענער. זי האָט דעם אָנבליק פון אַ טויטער פרוי. ווי לאַנגזאַם זי גליטשט זיך דאָס!

(ליאַרם אין דעם פעסט-זאַאַל.)

ערשטער זעלנער. וואָס פאַר אַ ליאַרם? וואָס פאַר ווילדע חיות וואויען עס דאָרט?

צווייטער זעלנער. די אידען; אַזוי זיינען זיי אי־מער. זיי רייסען זיך שוין ווידער אַרום וועגען זייער רעליגיאָן.

8 5 3 - 3

ערשטער זעלנער. פאַרוואָס רייסען זיי זיך אַזוי אַרום איבער זייער רעליגיאָן?

צווייטער זעלנער. וואָס ווייס איך? נאָר דאָס איז שוין זייער שטייגער אַזוי... די פּרושים למשל זאָגען, אַז עס זיינען יאָ דאָ מלאכים, און די צדוקים ווילען האָבען, אַז עס זיינען נימוּאָ קיין מלאכים.

ערשטער זעלנער. איך מיין, ס'איז לעכערליך זיך אַרומצורייסען איבער אַזעלכע זאַכען.

יונגער סיריער. ווי שעהן די פּרינצעסין סאַלאָמע איז דאָס היינט אָבענד!

הורודיה'ס דיענער. דו קוקסט כסדר אויף איהר. דו קוקסט שוין צופיעל אויף איהר. ניט אַזוי דאַרף מען קוקען אויף מענשען; ס'קען נאָך וואָס שרעקליכעס אַרויסקומען דערפון.

יונגער סיריער. זי איז זעהר שעהן היינט אָבענד.

ערשטער זעלנער. דער וויצע־קעניג זעהט אויס מרה־שחורה'דיג.

צווייטער זעלנער. יאָ, ער זעהט טאַקע אויס מרה־שחורה'דיג.

ערשטער זעלנער. ער קוקט אויף וואָס עס איז.

צווייטער זעלנער. ער קוקט אויף אימיצען.

ערשטער זעלנער. אויף וועמען קוקט ער?

צווייטער זעלנער. איך ווייס ניט.

יונגער סיריער. ווי בלאַס זי איז דאָס, די פּרינצעסין! אַזוי בלאַס האָב איך זי נאָך קיינמאָל ניט געזעהן. זי זעהט אויס, ווי דאָס בילד פון אַ ווייסער רויז אין אַ זילבער־שפּיגעל.

הורודיה'ס דיענער. דו טאָרסט אויף איהר ניט קוקען. דו קוקסט צופיעל אויף איהר.

ערשטער זעלנער. הורודיה האָט אָנגעפּילט דעם ווייצע־קעניג׳ס בעכער.

דער קאַפּאַדאָציער. איז דאָס די קעניגין הורודיה, וואָס טראָגט אַ שוואַרצע קרוין בעזעצט מיט פּערל, די מיט די בלוי־געפּודערטע האָר?

ערשטער זעלנער. יאָ, דאָס איז הורודיה; זי איז דעם ווייצע־קעניג׳ס ווייב.

צווייטער זעלנער. דער ווייצע־קעניג האָט זעהר ליעב ווייז. ער האָט דריי מינים ווייז; איינער, וואָס קומט פון׳ם אינזעל סאַמאָס און איז רויט ווי צעזאַר׳ס מאַנטעל.

דער קאַפּאַדאָציער. איך האָב צעזאַר׳ן קיינמאָל ניט געזעהן.

צווייטער זעלנער. דער צווייטער סאָרט, וועלכער קומט פון דער שטאָדט ציפּרוס און איז געל ווי גאָלד.

דער קאַפּאַדאָציער. כ׳האָב זעהר ליעב גאָלד.

צווייטער זעלנער. און דער דריטער איז אַ וויין פון סיציליען. אָט דער וויין איז רויט ווי בלוט.

דער נוביער. די געטער פון מיין לאַנד האָבען זעהר שטאַרק ליעב בלוט. צוויי מאָל אין יאָהר זיינען מיר זיי מקריב בחורים און בתולות: פופציג בחורים און הונדערט בתולות. נאָר אָט אַפנים מיר גיבען זיי ניט גענוג, מחמת זיי זיינען זעהר גרויזאַם צו אונז.

דער קאַפּאַדאָציער. ביי מיר אין לאַנד זיינען שוין גאָר קיין געטער ניטאָ. די רוימער האָבען זיי אַרויסגעיאָגט. אַ טהייל זאָגען, אַז זיי זיינען אַנטלאָפען און זיי בעהאַלטען זיך אין די בערג, נאָר איך גלויב עס ניט. דריי נעכט נאָכאַנאַנד האָב איך פערבראַכט אויף די בערג און זיי איבעראַל אַרומ־געזוכט — כ׳האָב זיי ניט געפונען. ענדליך האָב איך זיי ביי

די נעמען גערופֿען, נאָר זיי האָבען זיך ניט געוויזען. כ׳מיין, זיי זיינען טויט.

ערשטער זעלנער. די אידען דיענען צו אַ גאָט, וועמען מען קען ניט זעהן.

דער קאַפּאַדאָציער. דאָס קען איך ניט פֿערשטעהן.

ערשטער זעלנער. זיי גלויבען איבערהויפּט נור אין אַזעלכע זאַכען, וואָס מען קען ניט זעהן.

דער קאַפּאַדאָציער. דאָס קוקט אויס אין גאַנצען לעכערליך.

יוחנן׳ס שטימע: נאָך מיר וועט קומען אַן אַנדערער, וועלכער וועט זיין מעכטיגער פֿאַר מיר. איך בין ניט ווערטה, דאָס שנירעל פֿון זיין שוך אויפֿצובינדען. ווען ער וועט קומען וועלען זיך די וויסטענישען אפילו פֿרעהען מיט איהם: זיי וועלען אויפֿבליהען ווי די ליליען. די אויגען פֿון די בלינדע וועלען דערזעהן דעם שיין פֿון טאָג און די אויערן פֿון די טויבע וועלען געעפֿענט ווערן... דאָס ניי־געבאָרענע קינד וועט אַרויפֿלייגען דאָס הענטעלע אויף אַ נעסט פֿון שלאַנגען, און די לייבען וועט עס ביי די טשאָפּרינעס פֿיהרען.

צווייטער זעלנער. הייס איהם שווייגען! ער רעדט כסדר נאַרישקייטען.

ערשטער זעלנער. האָסט אַ טעות. ער איז אַ הייליגער מאַן. ער איז אויך זעהר מילד און עדעל. יעדען טאָג, ווען איך גיב איהם עסען, דאַנקט ער מיר דערפֿאַר.

דער קאַפּאַדאָציער. ווער איז דאָס?

ערשטער זעלנער. ער איז אַ נביא.

דער קאַפּאַדאָציער. ווי הייסט ער?

ערשטער זעלנער. יוחנן.

דער קאַפּאַדאָציער. פֿון וואַנען קומט ער?

ערשטער זעלנער. פֿון דעם מדבר, וואו ער האָט

זיך דערנעהרט פֿון היישעריקען און ווילדען האָניג. ער איז געגאַנגען אָנגעטהאָן אין אַ בגד פֿון קעמעל-האָר, און אַרום די לענדען האָט ער געטראָגען אַ לעדערנעם גאַרטעל. ער האָט אויסגעזעהן זעהר ווילד. אַ גרויסער עולם מענשען פֿלעגט איהם נאָכלויפֿען; תלמידים אפילו האָט ער געהאַט.

דער קאַפּאַדאָציער. ווענען וואָס רעדט ער דאָס?

ערשטער זעלנער. דאָס ווייסען מיר קיינמאָל ניט. צייטענווייז רעדט ער מכח זאַכען, וואָס וואַרפֿען אויף אונז אָן אַ שרעק, נאָר ס'איז אונמעגליך צו פֿערשטעהן וואָס ער זאָגט.

דער קאַפּאַדאָציער. קען מען איהם זעהן?

ערשטער זעלנער. ניין, דער וויצע-קעניג ער־לויבט עס ניט.

יונגער סיריער. די פּרינצעסין האַלט דאָס געזיכט איהרם בעהאַלטען הינטער איהר פֿאָכער. די קליינע, ווייסע הענד איהרע פֿלאַטערן ווי טויבען, בשעת זיי פֿליהען אין זייער טויבען-שלאַג. זיי זיינען אַזוי ווי ווייסע זומער-פֿייגעלאַך. אָקו־ראַט ווי ווייסע זומער-פֿייגעלאַך.

הורודיה'ס דיענער. וואָס געהט דאָס דיך אָן? פֿאַרוואָס קוקסט דו אויף איהר? דו טאָרסט אויף איהר ניט קוקען... ס'קען נאָך וואָס שרעקליכעם דערפֿון אַרויסקומען.

דער קאַפּאַדאָציער (אָנווייזענדיג אויף דער ציסטערנע.) וואָס פֿאַר אַ מאָדנע תפיסה!

צווייטער זעלנער. ס'איז אַן אַלטע ציסטערנע, אַ וואַסער-גראָבען.

דער קאַפּאַדאָציער. אַן אַלטע ציסטערנע! ס'מוז דאָרט אודאי זיין זעהר אומגעזונד!

צווייטער זעלנער. דאָס גראָד ניט! אָט צום ביי־שפּיעל דעם וויצע-קעניג'ס ברודער, דער עלטערער ברודער זיינער, קעניגין הורודיה'ס ערשטער מאַן, איז דאָרט געלעגען

איינגעשפּאַרט גאַנצע צוועלף יאָהר. ער איז דערפֿון ניט גע־שטאָרבען, און מען האָט איהם נאָך אַלע גליקען ערשט גע־מוזט דערווערגען.

דער קאַפּאַדאָציער. איהם דערווערגען? ווער האָט עס געסמייעט צו טהון?

צווייטער זעלנער (אָנווייזענדיג אויף דעם תליון, אַ הויכען נעגער). אָט דער דאָרט, נעמן.

דער קאַפּאַדאָציער. וואָס זשע, ער האָט גאָר קיין מורא ניט געהאַט?

צווייטער זעלנער. אָה ניין. דער וויצע־קעניג האָט איהם געשיקט דעם רינג.

דער קאַפּאַדאָציער. וואָסער רינג?

צווייטער זעלנער. דעם רינג פֿון טויט. דערפֿאַר האָט ער ניט געהאַט וואָס מורא צו האָבען.

דער קאַפּאַדאָציער. ס'איז פֿונדעסטוועגען דאָך שרעקליך צו דערווערגען אַ קעניג.

ערשטער זעלנער. פֿאַרוואָס עפּעס? קעניגע האָבען דאָך אויך ניט מעהר ווי איין האַלז, פּונקט ווי אַנדערע מענשען.

דער קאַפּאַדאָציער. מיר קוקט עס פֿאָרט אויס שרעקליך.

853

יונגער סיריער. אָט הויבט זיך די פּרינצעסין אויף! זי געהט אַוועק פֿון טיש! זי זעהט אויס, ווי זי וואָלט זיך זעהר געלאַנגווײלט. אַה! זי קומט אַהער! יאָ, זי קומט אַרויס צו אונז. ווי בלאַס זי איז — אַזוי בלאַס האָב איך זי נאָך קיינמאָל ניט געזעהן —

הורודיה'ס דיענער. ניט קוק אויף איהר. איך בעט דיך, קוק ניט אויף איהר!

יונגער סיריער. זי איז ווי אַ טויב, וואָס האָט זיך פֿערבלאָנדזשעט... זי איז ווי אַ נאַרציס־בלומע, וואָס שאָקעלט

זיך אין'ם ווינד... זי איז אַקוראַט ווי אַ זילבערנע בלומע.
(סאַלאָמע קומט אַריין.)

סאַלאָמע. איך בלייב ניט מעהר; איך קען מעהר ניט בלייבען. פאַרוואָס קוקט עפּעס דער ווּיצע־קעניג כסדר אויף מיר מיט זיינע דורכדרינגענדע אויגען פון אַ קראָט, אונטער די צוקענדע אויגען־לעדעלאַך? ס'איז דאָך עפּעס ניט גלאַט, וואָס מיין מוטער'ס מאַן נעהמט פון מיר די אויגען ניט אַראָב. איך ווייס, וואָס דאָס בעדייט... יאָ, כ'לעבען — כ'וויים עס צו גוט.

יונגער סיריער. וואָס זשע, איהר זייט גאָר אַוועק פון'ם באַנקעט, פּרינצעסין?

סאַלאָמע. ווי פריש די לופט איז דאָ! דאָ קען איך ענדליך אָבציהען דעם אָטהעם! דאָרט אינעווייניג זיינען פאַראַן אידען פון ירושלים, וועלכע צורייסען זיך איינע די אַנדערע אויף שטיקער צוליעב זייערע לעכערליכע מנהגים, און באַרבאַרען, וועלכע האַלטען אין איין טרינקען און גיסען דעם ויין אויף'ן דיל, און גרעקען פון סמירנאַ מיט געפאַרבטע אויגען און געשמינקטע באַקען, מיט געגרייזעלטע, געשליינגעלטע האָר, און שטיל־שווייגעדיגע, דורכגעטריבענע עגיפּטיאַנער מיט זייערע לאַנגע נעגעל פון נירענשטיין און מיט זייערע ברוינע מאַנטלען, און גראָבע, אונגעהובעלטע רוימער מיט זייערע קללות. זיי זיינען אַ געמיינע באַנדע, די רוימער, און כלומר'שט מאַכען זיי נאָך דעם אָנשטעל, עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטען געווען גרויסע פּריצים.

יונגער סיריער. ווילט איהר זיך ניט צוזעצען אַ וויילע, פּרינצעסין?

הורודיה'ס דיענער. פאַרוואָס רעדסט דו צו איהר? פאַרוואָס קוקסט דו אויף איהר? — אָה, ס'וועט וואָס שרעקליכעס געשעהן!

סאַלאָמע. ווי גוט עס איז צו קוקען אויף דער לבנה! זי זעהט אויס ווי אַ קליינע מטבע. מען וואָלט געזאָגט, זי איז אַ קליינע, זילבערנע בלומע. זי איז קיהל און צניעות'דיג, די לבנה... גאָר אָהן אַ שום ספק צניעות'דיג — זי האָט די שעהנקייט פון אַ צנועה — — — יאָ, זי איז צניעות'דיג. זי איז ניט בעפלעקט. זי איז נאָך קיינמאָל פון קיינעם ניט אָנגע-ריהרט געוואָרען, ווי אַלע אַנדערע געטינען.

יוחנן'ס שטימע. געקומען איז דער האַר! דער מענשען-זוהן איז געקומען! די מענשען-פערד האָבען זיך אין די טייכען בעהאַלטען, און די וואַסער-פרויען זיינען פון די טייכען אַרויס און פערשטעקען זיך אין די וועלדער אונטער די בלעטער.

סאַלאָמע. ווער האָט דאָס דאָ געשריען?

צווייטער זעלנער. ס'איז דער נביא, פרינצעסין.

סאַלאָמע. אַה! דער נביא, יענער פאַר וועמען דער וויצע-קעניג האָט מורא?

צווייטער זעלנער. מיר ווייסען פון גאָרנישט צו זאָגען, פרינצעסין. ס'איז דער נביא יוחנן.

יונגער סיריער. ווילט איהר, איך זאָל הייסען בריינ-גען אייער טראָג-שטוהל, פרינצעסין? ס'איז אַזוי שעהן איצט אין גאָרטען.

סאַלאָמע. ער זאָגט שרעקליכע זאַכען וועגען מיין מו-טער, ניט אמת?

צווייטער זעלנער. מיר פערשטעהען קיינמאָל ניט, וואָס ער זאָגט, פרינצעסין.

סאַלאָמע. יאָ, ער זאָגט שרעקליכע זאַכען וועגען איהר.

(עס קומט אַריין אַ שקלאַף.)

דער שקלאַף. פרינצעסין, דער וויצע-קעניג בעט אייך, איהר זאָלט אַריינגעהן צוריק צום באַנקעט.

סאַלאָמע. איך געה ניט צוריק.

יונגער סיריער. פערצייהט מיר, פרינצעסין, ווען איהר געהט ניט צוריק, קען נאָך אַרויסקומען אַן אונגליק דערפון.

סאַלאָמע. וואָס זשע... ער איז שוין אַלט, אָט דער נביא?

יונגער סיריער. פרינצעסין, ס'איז בעסער, איהר זאָלט צוריקגעהן. ערלויבט מיר, אייך צו בעגלייטען.

סאַלאָמע. אָט דער נביא... איז ער שוין אַלט?

ערשטער זעלנער. ניין, פרינצעסין, ס'איז נאָך גאָר אַ יונגער מאַן.

צווייטער זעלנער. מען ווייסט עס ניט אויף געווים. אַ טהייל זאָגען, ס'איז אליהו.

סאַלאָמע. ווער איז אליהו?

צווייטער זעלנער. אַ פערצייטיגער, זעהר אַלטער נביא פון דעם דאָזיגען לאַנד, פרינצעסין.

שקלאַף. וואָס פאַר אַן ענטפער זאָל איך דעם וויצע־קעניג ברייגגען פון דער פרינצעסין?

יוחנן'ס שטימע. הוליע ניט אַזוי, דו לאַנד פון יהודה! ניט פרעה זיך, וואָס די רוט, וועלכע האָט דיך געשלאָגען, איז צוריסען. ווארים פון'ם זאָמען פון די שלאַנגען וועט גע־בוירען ווערען אַ מורא'דיגער עגדעש מיט גיפטיגע בליקען, און דאָס, וואָס וועט אַרויסקומען פון'ם עגדעש, וועט פער־שלינגען די פייגעלאַך.

סאַלאָמע. וואָס פאַר אַ מאָדנע שטימע! איך וואָלט גערן געוואָלט ריידען מיט איהם.

ערשטער זעלנער. ס'איז אונמעגליך, פרינצעסין. דער וויצע־קעניג וויל, אַז קיינער זאָל ניט ריידען מיט איהם. ער האָט זאָגאַר פערבאָטען דעם כהן גדול מיט איהם צו ריידען.

סאַלאָמע. איך וויל אָבער פֿאָרט ריידען מיט איהם.

יונגער סיריער. כ'לעבען, ס'וואָלט געווען גלייכער, איהר זאָלט צוריקגעהן צו דער מאָהלצייט, פּרינצעסין.

סאַלאָמע. פֿיהרט מיר אַרויס דעם נביא! (דער שקלאַף אָב.)

ערשטער זעלנער. מיר טאָרען עס ניט, פּרינצעסין.

סאַלאָמע (געהט צו צו דער ציסטערנע און קוקט אַרונטער). ווי שוואַרץ ס'איז דאָרט אונטען! ס'מוז זיין שרעקליך צו זיצען אין אַזאַ פֿינסטערער גרוב! ס'איז פּונקט ווי אַ קבר... (צו די זעלנער.) וואָס זשע, איהר הערט גאָר ניט וואָס איך זאָג אייך? דעם נביא לאָזט אַרויס! איך וויל איהם זעהן.

צווייטער זעלנער. איך בעט אייך, פּרינצעסין, פֿערלאַנגט דאָס ניט פֿון אונז!

סאַלאָמע. וואָס זשע, איהר לאָזט מיך וואַרטען!

ערשטער זעלנער. פּרינצעסין, אונזער לעבען איז ביי אייך אין די הענד, נאָר מיר קענען ניט טהאָן דאָס, וואָס איהר פֿערלאַנגט... און ניט צו אונז האָט איהר זיך געדאַרפֿט ווענדען מיט אַזאַ זאַך.

סאַלאָמע (וואַרפֿענדיג אַ בליק אויף'ן יונגען סיריער.) אַה!

הורודיה'ס דיענער. אָה! וואָס וועט דאָ ווערען? איך בין זיכער, אַז דאָ וועט עפּעס אַן אונגליק געשעהן.

סאַלאָמע (צוגעהענדיג נעהענטער צום יונגען סיריער). איהר וועט עס פֿאַר מיר טהאָן, נאַראַבאָטה, ניט אמת? איהר וועט עס פֿאַר מיר טהאָן. איך בין דאָך שטענדיג געווען גוט צו אייך. איהר וועט עס פֿאַר מיר טהאָן. איך וויל איהם בלויז אָנקוקען, אָט דעם מערקווירדיגען נביא. מען דערציעהלט זיך אַזוי פֿיעל אָן וועגען איהם. איך האָב אָפֿט געהערט דעם זויצע־קעניג ריידענדיג פֿון איהם. כ'מיין, ער האָט מורא פֿאַר איהם... און איהר אויך, נאַראַבאָטה, איהר האָט, הייסט עס, אויך מורא פֿאַר איהם?

יונגער סיריער. איך האָב קיין מורא ניט פאַר איהם, פרינצעסין; איך האָב פאַר קיינעם קיין מורא ניט. אָבער דער וויצע־קעניג האָט אויסדריקליך פערבאָטען יעדען איינעם אויפצוהויבען דעם דעק פון דעם דאָזיגען ברונען.

סאַלאָמע. איהר וועט דאָס דאָך טהאָן פאַר מיר, נאַראַבאָטה, און מאָרגען, ווען איך וועל אין מיין טראָג־שטוהל פערבייגעהן אונטער'ן טויער פערביי די פערקויפער פון די געצענבילדער, וועל איך אייך צואוואַרפען אַ קליינע בלום, אַ קליינע גרינע בלום.

יונגער סיריער. פרינצעסין, איך קען ניט, איך קען ניט.

סאַלאָמע (מיט אַ שמייכעל). איהר וועט עס פאַר מיר טהאָן, נאַראַבאָטה. איהר ווייסט דאָך, אַז איהר וועט עס טהאָן פאַר מיר. און מאָרגען, אַז איך וועל אין מיין טראָג־שטוהל פערבייקומען פערביי די פערקויפער פון די געצענבילדער אי־בער דער בריק, וועל איך קוקען אויף אייך דורך די מוסליר־נענע שלייערן מיינע, כ'וועל קוקען אויף אייך, נאַראַבאָטה. ס'קען זיין, איך וועל אויך אַ שמייכעל טהאָן דערביי. קוקט מיר נאָר אָן, נאַראַבאָטה! אהה! איהר ווייסט דאָך אַליין, אַז איהר וועט טהאָן וואָס איך פערלאַנג פון אייך, איהר ווייסט דאָך עס גאַנץ גוט, ניט אמת? — איך בין איבערצייגט אין דעם.

יונגער סיריער (מיט אַ צייכען צום דריטען זעלנער). לאָזט אַרויס דעם נביא... די פרינצעסין סאַלאָמע וויל איהם זעהן.

סאַלאָמע. אַה!

הורודיה'ס דיענער. אָה, ווי מאָדנע די לבנה זעהט אויס! מען וואָלט געזאָגט, ס'איז די האַנד פון אַ טויטער פרוי, וואָס וויל אַריבערציהען די תכריכים איבער זיך.

יונגער סיריער. זי האָט אַ מאָדנעם אויסזעהן. מען וואָלט געקענט מיינען, ס'איז אַ פרינצעסין מיט בורשטינענע

אויגען. דורך וואָלקענס פֿון מוסלין שמייכעלט זי ווי אַ קליינע פרינצעסין.

(דער נביא קומט אַרויס פֿון דער ציסטערנע. סאַלאָמע קוקט איהם אָן און טרעט אָב מיט לאַנגזאַמע טריט צוריק.)

יוחנן. וואו איז ער דאָס דער, וועמעס בעכער איז שוין פֿול מיט געמיינהייטען? וואו איז ערגעץ דער, וואָס וועט אין אַ שעהנעם טאָג, פֿאַר דאָס גאַנצע פֿאָלק אין די אויגען, שטאַרבען אין אַ זילבערנעם שלעפּ-קלייד? הייסט איהם קומען אַהער און זאָל ער הערען דעם קול פֿון יענעם, וואָס זיין שטים האָט אָבגעקלונגען אין די וויסטענישען און אין די קעניגליכע פּאַלאַצען.

סאַלאָמע. פֿון וועמען רעדט ער דאָס?

יונגער סיריער. דאָס קען מען קיינמאָל ניט וויסען, פרינצעסין.

יוחנן. וואו איז זי דאָס די, וועלכע האָט געזעהן מע־נער־בילדער אויף דער וואַנד, בילדער פֿון כאַלדעער מיט פֿאַרבען געמאָלען; די, וועלכע האָט נאָכגעגעבען די תאוות פֿון איהרע אויגען און האָט אַרויסגעשיקט שלוחים אינ׳ם לאַנד פֿון די כאַלדעער?

סאַלאָמע. דאָס מיינט ער אַודאי מיין מוטער.

יונגער סיריער. אָה ניין, פרינצעסין.

סאַלאָמע. יאָ; מיין מוטער מיינט ער דאָס.

יוחנן. וואו איז זי דאָס די, וואָס האָט זיך אָבגעגעבען צו די עלצטע פֿון אשור, וואָס טראָגען גאַרטלען אַרום די לענדען און בונט־פֿאַרביגע קרוינען אויף זייערע קעפּ? וואו איז זי דאָס, וואָס האָט זיך אָבגעגעבען צו די יונגע לייט פֿון מצרים, וועלכע געהען אָנגעטהאָן אין לייווענט און פורפור, וועלכע טראָגען פאַנצערס פֿון גאָלד און היטלען פֿון זילבער, — די מיט די גרויסע קערפּערס ווי ריעזען? הייסט איהר אויפֿשטעהן פֿון איהר זנות־בעט, פֿון׳ם בעט פֿון דער בלוטיגער

שאַנד, כדי זי זאָל פֿערנעהמען די ווערטער פֿון דעם, וואָס גרייט צו דעם וועג פֿון׳ם האַר, און כדי זי זאָל קענען תשובה טהאָן אויף איהרע זינד. אָבער ווען זי וועט אפילו קיין תשובה ניט טהאָן און וועט בלייבען איינגע׳עקשן׳ט אין איהרע גע־מיינהייטען, טאָ הייסט איהר דאָך קומען, וואָרים דער האַר האַלט די תשובה־רוט גרייט אין דער האַנד.

סאַלאָמע. אָה, ער איז שרעקליך, ער איז שרעקליך!

יונגער סיריער. בלייבט ניט דאָ, פרינצעסין, איך בעט אייך.

סאַלאָמע. שרעקליכער פֿון אַלץ זיינען זיינע אויגען. מען וואָלט געזאָגט, זיי זיינען שוואַרצע לעכער, וואָס זיינען מיט פֿאַקעלען אויסגעברענט געוואָרען אין טאַפּעטען פֿון צור. מען וואָלט זיי געקענט אָננעהמען פֿאַר שוואַרצע הייהלען, וואו גיפֿטיגע שלאַנגען וואוינען. זיי זיינען ווי די שוואַרצע הייהלען פֿון מצרים, וואו עס האַלטען זיך אויף די גיפֿטיגסטע שלאַנ־גען. מען וואָלט געזאָגט, דאָס זיינען שוואַרצע אָזערעס, אויפֿ־געררודערט פֿון פֿאַנטאַסטישע לבנות... ווי מיינט איהר, ער וועט נאָך ווייטער ריידען?

יונגער סיריער. איך בעט אייך, פרינצעסין, געהט בעסער אַוועק פֿון דאַנען!

סאַלאָמע. ווי אָבגעמאָגערט ער איז! ער זעהט אויס, ווי אַ שלאַנקע פֿיגור פֿון עלפֿענביין. מען וואָלט געזאָגט, ס׳איז אַ סטאַטוע פֿון זילבער. איך בין זיכער, אַז ער איז פונקט אַזוי אומבעפֿלעקט און צניעות׳דיג ווי די לבנה. ער איז דאָך ווי אַ לבנה־שטראַהל, ווי אַ זילבער־שטראַהל. זיין פֿלייש מוז זיין קיהל, אַזוי ווי עלפֿענביין. איך וואָלט געוואָלט זיך נע־הענטער איינקוקען אין איהם.

יונגער סיריער. ניין, ניין, פרינצעסין!

סאַלאָמע. איך מוז זיך נעהענטער צוקוקען צו איהם.

יונגער סיריער. פרינצעסין! פרינצעסין!

יוחנן. ווער איז זי דאָס, אַט די פֿרוי, וואָס קוקט אויף מיר? איך וויל ניט, זי זאָל אויף מיר קוקן. פֿאַרוואָס קוקט זי אויף מיר מיט איהרע גאָלדענע אויגען אונטער די גלאַנציגע ברעמען איהרע? איך ווייס ניט, ווער זי איז. איך וויל עס ניט וויסען. הייסט איהר געהן. ניט מיט איהר וויל איך ריידען.

סאַלאָמע. איך בין סאַלאָמע, הורודיה'ס טאָכטער, פּרינצעסין פֿון יהודה.

יוחנן. אַוועק, דו טאָכטער פֿון בבל! צו דעם האַר'ס אויסגעוועהלטען ניט קום נאָהענט צו! דיין מוטער האָט אָנגעפֿילט די ערד מיט איהרע רשעות'דיגע מעשים און דער געשריי פֿון איהרע זינד איז אַרויף ביז צו די אויערן פֿון גאָט.

סאַלאָמע. רייד ווייטער, יוחנן, דיין שטימע בערוישט מיך.

יונגער סיריער. פּרינצעסין! פּרינצעסין! פּרינצעסין!

סאַלאָמע. אָה, רייד ווייטער. רייד ווייטער, יוחנן, און זאָג מיר, וואָס איך זאָל טהון.

יוחנן. טרעט אָב און קום ניט צו נאָהענט צו מיר, דו טאָכטער פֿון סדום, נאָר בעדעק דיין פנים מיט א שלייער און שיט אַרויף אַש אויף דיין קאָפּ און אַנטלויף אין מדבר, זוכען דעם מענשען־זוהן.

סאַלאָמע. ווער איז ער דאָס, דער מענשען־זוהן? איז ער אַזוי שעהן ווי דו, יוחנן?

יוחנן. טרעט אָב! טרעט אָב! איך הער שוין דעם מלאך המות, ווי ער פּאַטשט מיט זיינע פֿליגלען אין פּאַלאַץ.

יונגער סיריער. פּרינצעסין, איך בעט אייך, געהט אַריין צוריק צום באַנקעט.

יוחנן. דו מלאך פון גאָט דעם האַר, וואָס טהוסט דו דאָ מיט דיין שווערד? וואָס זוכסט דו דאָ אין אָט דעם אונריינעם פאַלאַץ? ... דער טאָג פון דעם, וואָס דאַרף שטאַרבען אין דעם זילבערנעם שלעפ-קלייד, איז נאָך ניט געקומען.

סאַלאָמע. יוחנן!

יוחנן. ווער רעדט דאָס?

סאַלאָמע. יוחנן! איך בין פערליעבט אין דיין לייב. דיין לייב איז ווייס ווי די ליליע אין פעלד, וואָס קיין קאָסע האָט נאָך ניט אָנגעריהרט. דיין לייב איז ווייס ווי דער שנעע, וואָס ליגט אויף די בערג פון יהודה און פליסט אַרונטער פון דאָרט אין די טהאָלען. די רויזען ביי דער קעניגין פון אַראַביען אין גאָרטען זיינען ניט אַזוי ווייס ווי דיין לייב. ניט די רויזען ביי דער קעניגין פון אַראַביען אין גאָרטען, דער דופטענדער בשמים-גאָרטען פון דער קעניגין פון אַראַביען, ניט די פים פון דעם מאָרגענשטערן, וואָס געהען אויף די שפּיץ פינגער און ריהרען קוים אָן די בלעטער אין וואַלד, ניט דער לבנה'ס ברוסט, בעת זי ליגט אויף'ן בוזים פון'ם ים... ניטאָ קיין זאַך אויף דער וועלט אַזוי ווייס ווי דיין לייב. לאָז מיך אָנריהרען דיין לייב.

יוחנן. אַוועק, דו טאָכטער פון בבל! דורך דער פרוי איז געקומען דאָס אונגליק אויף דער וועלט! ניט רייד צו מיר. איך וועל דיך ניט אויסהערען. איך הער בלויז אויס די ווערטער פון מיין גאָט, פון מיין האַר.

סאַלאָמע. דיין לייב איז עקעלהאַפט. ער זעהט אויס, ווי דער קערפער פון אַ קרעציגען. ער איז עהנליך צו אַן אָבגעקאַלכטער וואַנד, וואו שלאַנגען זיינען אַרומגעקראָכען, צו אַן אָבגעקאַלכטער וואַנד, וואו סקאָרפּיאָנען האָבען זייערע נעסטען געבויט. ער איז ווי אַן אָבגעקאַלכטער קבר, פול מיט עקעלהאַפטע, דערווידערדיגע זאַכען. ער איז שווידערליך, ער איז

שוידערליך, דיין לייב... נאָר אין דיינע האָר בין איך פֿער־ליעבט, יוחנן. דיינע האָר זיינען ווי ווייַנטרויבען, ווי יענע שוואַרצע טרויבען, וועלכע הייַנגען אויף די ווייַנשטאָקען פֿון אדום אין דעם לאַנד פֿון די אדומים. דיינע האָר זיינען ווי די ארזי הלבנון, ווי די צעדערן פֿון דעם באַרג לבנון, וועלכע שפּרייטען אויס זייער שאָטען איבער די לייבען און די רויבער, ווען זיי בעהאַלטען זיך בייטאָג. די לאַנגע שוואַרצע נעכט, ווען עס שיינט ניט קיין לבנה און די שטערען האָבען מורא זיך צו בעווייזען, זיינען ניט אַזוי שוואַרץ. די שטילקייט פֿון די וועלדער איז ניט אַזוי שוואַרץ. קיין זאַך אויף דער וועלט איז ניט אַזוי שוואַרץ ווי דיינע האָר... לאָז מיך אָנריהרען דיינע האָר!

יוחנן. טרעט אָב, דו טאָכטער פֿון סדום! ריהר מיך ניט אָן! פֿערשוועך ניט דעם טעמפּעל פֿון גאָט דעם האַר!

סאַלאָמע. דיינע האָר זיינען שוידערליך. זיי זיינען פֿול מיט שמוץ און שטויב. זיי זעהען אויס, ווי אַ דערנער־קרוין, וואָס מען האָט דיר אַרויפֿגעדריקט אויף'ן קאָפּ. זיי זעהען אויס, ווי אַ קנויל שוואַרצע שלאַנגען, וואָס מען האָט דיר אַרומגעדרעהט אַרום דיין האַלז. כ'האָב ניט ליעב דיינע האָר... נאָר אין דיין מויל בין איך פערליעבט, יוחנן. דיין מויל איז ווי אַ שאַרלאַך־רויטער פּאַס אויף אַ טורעם פֿון עלפֿענביין. ער איז ווי אַ מילגרוים, צושניטען מיט אַ מעסער פון עלפֿענביין. די גראַ־נאַט-בלומען, וועלכע וואַקסען אין די גערטנער פֿון צור און זיינען רויטער איידער די רויזען, זיינען פֿונדעסטוועגען ניט אַזוי רויט. דער רויטער סיגנאַל פֿון די טרומייטען, וואָס זאָגט אָן, אַז די קעניגע קומען, און וואַרפֿט אַ שרעק אויף דעם שונא, איז ניט אַזוי רויט. דיין מויל איז רויטער איידער די פֿים פֿון די, וואָס טרעטען דעם וויין אין'ם וויין־פּרעס. דיין מויל איז רויטער איידער די פֿים פֿון די טויבען, וועלכע

האַלטען זיך אויף אין די טעמפּלען און ווערען געשפּייזט פֿון די פּריסטער. ער איז רויטער איידער די פּיס פֿון דעם, וואָס קומט צוריק פֿון וואַלד, וואו ער האָט גע'הרג'עט אַ לייב און געזעהן גאָלד-געפאַרבטע טיגערס. דיין מויל איז אַ צווייג פֿון אַ קאָראַלען-בוים, וואָס די פּישער געפינען אין דעם דעמערונגס-ליכט פֿון ים און האַלטען עס פֿאַר קעניגע!... ער איז ווי דער צינאָבער, ווי די שאַרלאַך-רויטע פאַרב, וואָס די מואבים געפי-נען אין די גריבער פֿון מואב; ווי דער צינאָבער, וועלכען די קעניגע נעהמען אַוועק פֿון זיי. ער איז ווי דער בויגען פֿון דעם קעניג פֿון פּרס, וועלכער איז בעפאַרבט מיט רויטען צי-נאָבער און בעשלאָגען מיט קאָראַל. קיין זאַך אין דער וועלט איז ניט אַזוי רויט ווי דיין מויל... לאָז מיך קושען דיין מויל.

יוחנן. קיינמאָל ניט! דו טאָכטער פֿון בבל! דו טאָכ-טער פֿון סדום! קיינמאָל ניט!

סאַלאָמע. איך וועל קושען דיין מויל, יוחנן. איך וועל קושען דיין מויל.

יונגער סיריער. פּרינצעסין, פּרינצעסין, דו, וואָס דו ביסט ווי אַ גאָרטען פֿון בשמים, דו טויב פֿון אַלע טויבען, קוק ניט אויף אָט דעם מאַן, ניט קוק אויף איהם. רייד ניט אַזעלכע ווערטער צו איהם! איך קען עס ניט אַריבערטראָגען. פּרינצעסין, פּרינצעסין, רייד ניט אַזעלכע זאַכען!

סאַלאָמע. איך וועל קושען דיין מויל, יוחנן.

יונגער סיריער. אַה!

(ער טויט זיך און פֿאַלט אַנידער צווישען סאַלאָמע און יוחנן.)

הורודיה'ס דיענער. דער יונגער סיריער האָט זיך געטויט! דער יונגער קאַפּיטאַן האָט זיך געטויט! דער, וואָס איז מיין פֿריינד געוועזן, האָט זיך געטויט! איך האָב איהם געשיינקט אַ קליין שאַכטעלע מיט דופטענדע פּאַרפֿומען און זילבערנע אויררינגלאַך, נעהמט ער גאָר און טויטעט זיך! אַה,

האָט ער ניט פאָראויסגעזאָגט, אַז עפּעס אַן אומגליק וועט טרע-
פען? איך אַליין האָב עס אויך פאָראויסגעזאָגט און עס איז
געשעהן! כ'האָב אָבער געוואוסט, אַז די לבנה זוכט אַ טויד-
טען, נאָר איך האָב ניט געוואוסט, אַז דאָס האָט זי דאָס איהם
געזוכט. אַה! פאַרוואָס האָב איך איהם ניט בעהאַלטען פאַר
דער לבנה? ווען איך וואָלט איהם בעהאַלטען אין אַ הייהל
וואָלט זי איהם ניט געזעהן.

ערשטער זעלנער. פרינצעסין, דער יונגער קאַפּיטאַן
האָט זיך נאָר וואָס געטויט.

סאַלאָמע. לאָז מיך קושען דיין מויל, יוחנן!

יוחנן. וואָס זשע, הורודיה'ס טאָכטער, האָסט גאָר קיין
מורא נים? האָב איך דיר ניט געזאָגט, אַז איך הער דעם
מלאך המות, ווי ער פּאַטשט מיט זיינע פליגלען אין פּאַלאַץ,
און איז ער דען ניט געקומען, דער מלאך המות?

סאַלאָמע. לאָז מיך קושען דיין מויל!

יוחנן. טאָכטער פון זנות, פאַרהאַן בלויז איינער, וואָס
קען דיך ראַטעווען. ס'איז ער, מכח וועמען איך האָב גערעדט.
געה זוך איהם אויס. ער געפינט זיך אין אַ שיפעל אויף'ן ים
פון גליל און רעדט מיט זיינע תלמידים. פאַל אויף די קניע
ביים ברעג פון ים און רוף איהם אָן ביים נאָמען. קומט ער
צו דיר, — און ער קומט צו אַלע די, וועלכע רופען איהם,—
דאַן פאַל איהם צו די פיס און בעט איהם, ער זאָל דיר מוחל
זיין אויף דיינע זינד.

סאַלאָמע. לאָז מיך קושען דיין מויל!

יוחנן. זיי פערפלוכט! טאָכטער פון אַ בלוט-שענדע-
רישער מוטער, זיי פערפלוכט!

סאַלאָמע. איך וועל קושען דיין מויל, יוחנ'ן!

יוחנן. איך וויל דיך ניט אָנקוקען. איך וועל דיך ניט
אָנקוקען. דו ביסט פערפלוכט, סאַלאָמע. דו ביסט פערפלוכט.

(ער געהט אַרונטער צוריק אין די ציסטערנע.)

סאַלאָמע. איך וועל קושען דיין מויל, יוחנן; איך וועל קושען דיין מויל.

ערשטער זעלנער. מיר מוזען אַוועקטראָגען דעם טויטען קערפּער פון דאַנען. דער וויצע-קעניג האָט ניט ליעב צו קוקען אויף טויטע קערפּער, אחוץ די, וועלכע ער האָט אַליין גע'הרג'עט.

הורודיה'ס דיענער. ער איז געווען מיין ברודער, און נאָך נעהענטער צו מיר ווי אַ ברודער. איך האָב איהם געשיינקט אַ קליין שאַכטעלע מיט דופטענדע פּאַרפומען און אַ רינג פון אַגאַט-שטיין, וועלכען ער פלעגט כסדר טראָגען אויף דער האַנד. אָבענד-צייט פלעגען מיר אַרומשפּאַצירען ביים ברעג טייך, צווישען די מאַנדעל-בוימער, און ער פלעגט מיר דערצעהלען אַלעס, ווי עס געהט צו ביי איהם אין זיין לאַנד. ער פלעגט תמיד ריידען זעהר שטיל. דער קלאַנג פון זיין שטימע איז געווען ווי דער קלאַנג פון אַ פליוט, וואָס מען שפּיעלט אויף איהר. ער פלעגט אויך שטאַרק ליעב האָבען אַריינצוקוקען אין טייך און זיך שפּיגלען אין וואַסער; כ'האָב איהם ניט איין מאָל פאַרגעהאַלטען דערפאַר.

צווייטער זעלנער. דו ביסט גערעכט; מען מוז בעהאַלטען דעם טויטען קערפּער. דער וויצע-קעניג טאָר איהם ניט זעהן.

ערשטער זעלנער. דער וויצע-קעניג וועט ניט קומען אַהער. ער קומט קיינמאָל ניט אַרויס אויף'ן באַלקאָן. ער האָט צו שטאַרק מורא פאַר'ן נביא.

(הורדוס, הורודיה און דער גאַנצער הויף קומען אַריין.)

הורדוס. וואו איז סאַלאָמע? וואו איז די פּרינצעסין? פאַרוואָס איז זי ניט געקומען צוריק צום באַנקעט, ווי איך האָב איהר בעפוילען? אַה! אָט איז זי!

הורודיה. דו דאַרפסט ניט קוקען אויף איהר! דו האַלטסט אין איין קוקען אויף איהר!

הורדוס. די לבנה קוקט עפעס אוים זעהר מאָדנע היינט אָבענד. ניט אמת, זי האָט אַ מאָדנעם אויסזעהן? מען וואָלט געזאָגט, זי איז אַ משוגע'נע פרוי; אַ משוגע'נע פרוי, וועלכע זוכט איבעראַל ליובאָווניקעס. און זי איז נאָך נאַקעט דערצו; גאַנץ נאַקעט איז זי. די וואָלקענס ווילען זי בעקליי-דען, בעדעקען איהר נאַקעטקייט, נאָר זי לאָזט זיך ניט. גאַנץ נאַקעט בעווייזט זי זיך אויף'ן הימעל. זי שאָקעלט זיך אַרום צווישען די וואָלקענס ווי אַ שכור'ע פרוי... דאָס זוכט זי אודאי ליעבהאָבער... ניט אמת, זי שאָקעלט זיך אַרום ווי אַ שכור'ע פרוי? זי איז ווי אַ משוגע'נע פרוי; ניט אמת?

הורודיה. ניין, די לבנה איז ווי די לבנה, דאָס איז אַלעס. לאָמיר אַריינגעהן צוריק... דו האָסט גאָרנישט וואָס צו טהאָן דאָ.

הורדוס. איך בלייב דאָ! מנשה, לייג אוים די טע-פיכער. צינדט אָן די פאַקעלען. ברייננגט אַהער די טישען פון עלפענביין, און די טישען פון יאַספּיס. די לופט איז דאָ אַזוי דערקוויקענד! איך וועל ווייטער טרינקען וויין מיט מיינע געסט. מיר מוזען וועיזען צעזאַר'ס שלוחים, ווי מיר פערשטעהן זיי צו עהרען.

הורודיה. ניט פון זייערטוועגען בלייבסט דו דאָ.

הורדוס. יאָ; די לופט איז דאָ אַזוי זיס. קום, הורודיה, אונזערע געסט וואַרטען אויף אונז. אַה! וואָס איז דאָס? איך האָב זיך אויסגעגליטשט! אין בלוט האָב איך זיך אויסגעגליטשט! דאָס איז אַ שלעכטער סימן. ס'איז זעהר אַ שלעכטער סימן. ווי קומט אַהער בלוט?... און אָט דער טויטער קערפּער? וואָס טהוט דאָ אָט דער טויטער קערפּער? וואָס זשע, איהר מיינט אַ פּנים, אַז איך בין ווי דער קעניג

פֿון מצרים, וועלכער גיט קיינמאָל ניט קיין באַנקעט, וואו ער זאָל ניט ווייזען זיינע געסט אַ טויטען? וואָס איז דאָס פֿאַר אַ טויטער קערפּער? איך וויל ניט קוקען דערויף.

ערשטער זעלנער. מיין הערר, ס'איז אונזער קאַפּיטאַן. ס'איז דער יונגער סיריער, וועמען איהר האָט ערשט מיט דריי טעג צוריק געמאַכט פֿאַר אונזער קאַפּיטאַן.

הורדוס. איך האָב קיין בעפֿעהל ניט געגעבען, איהם צו טויטען.

צווייטער זעלנער. מיין הערר, ער האָט זיך אַליין גע'הרג'עט.

הורדוס. פֿאַרוואָס? איך האָב דאָך איהם געמאַכט פֿאַר קאַפּיטאַן.

צווייטער זעלנער. דאָס ווייסען מיר ניט, מיין הערר. נאָר ער האָט זיך אַליין גע'הרג'עט.

הורדוס. דאָס קוקט מיר עפּעס אויס מאָדנע. כ'האָב געמיינט, אַז נור די רוימישע פֿילאָזאָפֿען טויטען זיך אַליין. ניט אמת, טיגעלינוס, אַז די פֿילאָזאָפֿען אין רוים טויטען זיך אַליין?

טיגעלינוס. אַ טהייל פֿון זיי טויטען זיך אַליין, מיין הערר. דאָס זיינען די סטאָאיקער. זיי זיינען זעהר אונגעהובעלטע לייט. זיי זיינען זעהר לעבערליכע לייט. איך האַלט זיי פֿאַר גאַנץ לעבערליך.

הורדוס. איך אויך. ס'איז לעבערליך, זיך אַליין צו טויטען.

טיגעלינוס. אין רוים מאַכט מען פֿון זיי חוזק; יעדער איינער לאַכט פֿון זיי. דער קיסר האָט וועגען זיי פֿער-פֿאַסט אַ סאַטיריש געדיכט. מען לערנט עס פֿאָר איבעראַל.

הורדוס. אַה, ווירקליך! אַ סאַטיריש געדיכט האָט ער וועגען זיי פֿערפֿאַסט? צעזאַר איז וואונדערבאַר. אַלצדינג קען ער מאַכען... ס'איז אָבער פֿאָרט מאָדנע, וואָס דער

יונגער סיריער האָט זיך גע'הרג'עט. עס פֿערדריסט מיך. עס פֿערדריסט מיך זעהר שטאַרק. ער איז געווען שעהן; ער איז זאָגאַר געווען זעהר שעהן. ער האָט געהאַט אַזעלכע שמאַכטענדע אויגען. איך קען זיך נאָך דערמאָנען, מיט וואָס פֿאַר שמאַכטענדע, בייגקענדע בליקען ער האָט געקוקט אויף סאַלאָמע'ן. באמת געדעט, ס'איז מיר פֿאָרגעקומען, אַז ער קוקט שוין אַביסעל צופֿיעל אויף איהר.

הורודיה. פֿאַרהאַן נאָך אַנדערע, וואָס קוקען אויף איהר צופֿיעל.

הורדוס. זיין פֿאָטער איז געווען אַ קעניג. איך האָב איהם פֿערטריבען פֿון זיין קעניגרייך. און זיין מוטער, די קעניגין, האָסט דו, הורודיה, זיך פֿאַר אַ שקלאַפֿין גענומען. ער איז אַלזאָ געווען ביי מיר אַ שטיקעל גאַסט און מחמת דעם האָב איך איהם געמאַכט פֿאַר אַ קאַפּיטאַן. עס פֿערדריסט מיך זעהר, וואָס ער איז טויט... נאָר וואָס איז דאָס? פֿאַרוואָס לאָזט איהר דאָ ליגען דעם טויטען קערפּער? איך וויל איהם ניט האָבען פֿאַר די אויגען. טראָגט איהם אַוועק פֿון דאַנען! (מען נעהמט אַוועק דעם טויטען.) ווי קאַלט דאָ איז! ס'בלאָזט אַ ווינד. ניט אמת, עס בלאָזט אַ ווינד?

הורודיה. ניין; עס בלאָזט ניט קיין ווינד.

הורדוס. איך זאָג דיר, עס בלאָזט אַ ווינד... און אין דער לופֿט הער איך עפּעס אַזוי ווי אַ קלאַפּעריי פֿון פֿליגלען, פֿון ריעזיג-גרויסע פֿליגלען. וואָס זשע, דו הערסט עס גאָרניט?

הורודיה. איך הער גאָרנישט.

הורדוס. איצט הער איך עס שוין אַליין אויך ניט. נאָר איך האָב עס נאָר וואָס געהערט. ס'איז אודאי געווען דער ווינד. ס'איז שוין פֿערביי. נאָר ניין, אַצונד הער איך עס





ווידער אַמאָל. וואָס זשע, דו הערסט עס גאָרניט? ס'איז אָקוראַט ווי אַ געריש פון פליגלען.

הורודיה. איך זאָג דיר, ס'איז גאָרנישט. דו ביסט קראַנק. לאָמיר אַריינגעהן צוריק אין זאַל.

הורדוס. איך בין ניט קראַנק. נאָר דיין טאָכטער מוז אודאי זיין קראַנק. זי זעהט אויס זעהר קראַנק, די טאָכטער דיינע. קיינמאָל האָב איך זי ניט געזעהן אַזוי בלאַס ווי היינט.

הורודיה. כ'האָב דאָך דיר געזאָגט, דו זאָלסט ניט קוקען אויף איהר.

הורדוס. גיסט מיר אָן וויין! (מען ברייננגט וויין.) סאַלאָמע, קום אַהער און טרינק אַביסעל וויין מיט מיר. איך האָב דאָ אַ וויין, וואָס איז אויסגעצייכענט. צעזאַר אַליין האָט איהם מיר געשיקט. טונק איין אין איהם דיינע קליינע רויטע ליפען, און איך וועל דאַן דעם בעכער אויסליידיגען.

סאַלאָמע. איך בין ניט דורשטיג, וויצע-קעניג.

הורדוס. דו הערסט, ווי זי ענטפערט מיר, די טאָכטער דיינע?

הורודיה. זי איז גאַנץ גערעכט. פאַרוואָס קוקסט דו כסדר אויף איהר?

הורדוס. ברייננגט מיר פרוכטען! (מען ברייננגט אַלערליי פרוכטען.) סאַלאָמע, קום אַהער און עסס פרוכט מיט מיר. איך האָב ליעב צו זעהן דעם צייכען פון דיינע קליינע צייהן אין אַ פרוכט. ביים נאָר אָב אַ שטיקעל פון אָט דעם פרוכט, און איך וועל דאַן דאָס איבעריגע אויפעסען.

סאַלאָמע. איך בין ניט הונגעריג.

הורדוס (צו הורודיה'ן). דו זעהסט שוין, ווי דו האָסט זי ערצויגען, די טאָכטער דיינע.

הורודיה. מיין טאָכטער און איך קומען אַרויס פון

אַ פֿאַמיליע פֿון מלכים. און דו? דער טאַטע דיינער איז גע־
ווען אַ קעמעל־טרייבער! און אַ רויבער אויך דערצו!

הורדוס. דו ליינסט!

הורודיה. דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז עס איז אמת.

הורדוס. סאַלאָמע, קום זעץ זיך אַנידער לעבען מיר.
איך וועל דיר געבען דיין מוטער'ס טראָהן.

סאַלאָמע. איך בין ניט מיעד, וויצע־קעניג.

הורודיה. דו זעהסט שוין, וואָס פֿאַר אַ ווערטה דו
האָסט ביי איהר.

הורדוס. ברייננט מיר—וואָס וויל איך פֿאָרט? כ'ווייס
עס אַליין ניט. אַה! אַה! כ'האָב זיך שוין דערמאָנט.

יוחנן'ס שטימע. די צייט איז געקומען! וואָס איך
האָב פֿאָראויסגעזאָגט, האָט געטראָפֿען, אַזוי זאָגט גאָט דער
האַר. דער טאָג, פֿון וועלכען איך האָב גערעדט, איז געקומען.

הורודיה. הייס איהם זיין שטיל. איך וויל ניט הערען
זיין שטימע. אָט דער מאַן האַלט אין איין שיטען שמוץ אויף
מיר.

הורדוס. ער האָט גאָרנישט געזאָגט אויף דיר. אַחוץ
דעם דאַרפֿסט דו וויסען, אַז ער איז זעהר אַ גרויסער נביא.

הורודיה. איך גלויב ניט אין נביאים. קען ווער עס איז
זאָגען, וואָס עס וועט זיין? קיינער ווייסט עס ניט. דערצו הערט
ער ניט אויף מיך צו בעליידיגען. נאָר איך מיין, דו האָסט גאָר מורא
פֿאַר איהם... יאָ, איך ווייס, אַז דו האָסט מורא פֿאַר איהם.

הורדוס. איך האָב קיין מורא ניט פֿאַר איהם. איך
האָב פֿאַר קיינעם קיין מורא ניט.

הורודיה. איך זאָג דיר, דו האָסט יאָ מורא פֿאַר
איהם. אַז דו האָסט פֿאַר איהם קיין מורא ניט, פֿאַרוואָס זשע
גיסט דו איהם ניט איבער צו די אידען, וועלכע פֿערלאַנגען
איהם שוין זינט זעקס חדשים צייט?

אַ איד. באמת, מיין האַר, ס׳וואָלט טאַקי געווען גלייכער, איהר זאָלט איהם איבערגעבען צו אונז אין די הענד.

הורדוס. געזונג מכח דעם צו ריידען. איך האָב אייך שוין געגעבען מיין ענטפער. איך וועל איהם אייך ניט אַרויסגעבען, ער איז אַ הייליגער מאַן. ער האָט געזעהן גאָט.

אַ איד. דאָס קען ניט זיין. קיין מענש האָט ניט געזעהן גאָט זינט אליהו הנביא. ער איז געווען דער לעצטער, וואָס האָט געזעהן גאָט. אין אונזערע צייטען בעווייזט זיך שוין גאָט ניט מעהר. ער בעהאלט זיך. מחמת דעם קומען אָן גרויסע אונגליקען אויף אונזער לאַנד.

אַן אַנדערער איד. אין גרונד גענומען ווייסט מען גאָר ניט, צי האָט אליהו הנביא ווירקליך געזעהן גאָט. גיכער איז דאָס געווען גאָט׳ס שאָטען, וואָס ער האָט געזעהן.

אַ דריטער איד. גאָט פערבאָרגט זיך קיינמאָל ניט. ער ווייזט זיך אימער און אין אַלצדינג. ער איז דאָ איבעראַל, אין דעם וואָס איז שלעכט, אַזוי ווי אין דעם וואָס איז גוט.

אַ פערטער איד. דאָס טאָר מען ניט זאָגען. ס׳איז אַ זעהר געפעהרליכער געדאַנק, ס׳איז אַ געדאַנק וואָס שטאַמט פון אַלעקסאַנדריען, וואו מען לערענט גריכישע פילאָזאָפיע. און די גריכען זיינען געצענדיענער; זיי זיינען אפילו ניט גע׳מל׳ט.

אַ פינפטער איד. קיינער ווייסט ניט, ווי גאָט האַנדעלט. זיינע וועגען זיינען פול מיט סודות. ס׳קען דאָך גאָר געמאָלט זיין, אַז דאָס וואָס מיר רופען שלעכט, איז דוקא גוט, און אדרבה פערקעהרט, דאָס וואָס מיר רופען גוט איז שלעכט. ווער קען דאָס וויסען? אַלץ וואָס מיר דאַרפען טהאָן איז זיך אונטערוואַרפען און מקבל זיין אַלצדינג באהבה. וואָרים גאָט איז זעהר שטאַרק. ער שלאָגט די שטאַרקע און די שוואַכע אין איין און דערזעלבער צייט. פון זיין האַנד דרעהט זיך קיינער ניט אויס.

ערשטער איד. דאָס איז אמת. גאָט איז מורא'דיג. ער שלאָגט די שטאַרקע און די שוואַכע און צושטויסט זיי, ווי מען צושטויסט קאָרן אין אַ שטויסעל. נאָר אָט דער מאַן האָט גאָט ניט געזעהן. קיין מענש האָט ניט געזעהן גאָט זינט אליהו הנביא.

הורודיה. הייס זיי שווייגען. איך קען ניט הערען זייערע רייד.

הורודוס. אָבער איך האָב געהערט זאָגען, אַז יוחנן אַליין איז טאַקע אייער נביא אליהו.

דער איד. דאָס קען ניט זיין. שוין איבער דריי הונ-דערט יאָהר, זייט אליהו הנביא האָט געלעבט.

הורודוס. עס זיינען אָבער פאָרט דאָ מענשען, וואָס זאָגען, אַז ער איז דער נביא אליהו.

אַ נוצרי. איך בין איבערצייגט, אַז ער איז דער נביא אליהו.

דער איד. ניין, ער איז ניט אליהו הנביא.

יוחנן'ס שטימע. דער טאָג איז געקומען, דער טאָג פון דעם האַר, און איך הער שוין אויף די בערג די טריט פון זיינע פיס, די טריט פון דעם, וועלכער וועט זיין דער ערלייזער פון דער וועלט.

הורודוס. וואָס הייסט דאָס: דער ערלייזער פון דער וועלט?

טיגעלינוס. דאָס איז אַ טיטול, וואָס צעזאַר טראָגט.

הורודוס. אָבער צעזאַר קומט דאָך ניט קיין יהודה. כ'האָב ערשט נעכטען געקראָגען בריעף פון רוים. קיין וואָרט ווערט ניט דערמאָנט וועגען דעם. און איהר, טיגעלינוס, איהר זייט דאָך דעם ווינטער געווען אין רוים, איהר האָט דאָך גאָרנישט געהערט מכח דעם?

טיגעלינוס. ווירקליך, מיין הערר, כ'האָב גאָרנישט

געהערט דערפון. איך האָב בלויז ערקלעהרט דעם טיטול; ס'איז איינער פון צעזאַר'ס טיטלען.

הורדוס. אָבער צעזאַר קען דאָך אַהער ניט קומען; ער ליידעט פון אַ פוס-קראַנקהייט. מען דערצעהלט, אַז ער האָט פיס ווי אַן עלעפאַנט. דערצו זיינען פאַרהאַן שטאַאַטס-גרינדע, וועלכע לאָזען איהם ניט פאָהרען. ווער עס פערלאָזט רוים, דער פערלירט רוים. ער וועט ניט קומען. נאָר אויך די אייגענע מעשה: צעזאַר איז בעל הבית, אַז ער וויל וועט ער קומען. נאָר דאָך גלויבט זיך מיר עפעס ניט, ער זאָל קומען.

ערשטער נוצרי. מיין הערר, ניט צעזאַר'ן האָט עס דער נביא געמיינט.

הורדוס. ניט צעזאַר'ן?

ערשטער נוצרי. ניין, מיין הערר.

הורדוס. וועמען דען זשע האָט ער געמיינט?

ערשטער נוצרי. משיח'ן, וועלכער איז געקומען.

אַ איד. משיח איז ניט געקומען.

ערשטער נוצרי. ער איז געקומען און ווייזט נסים איבעראַל.

הורודיה. אָה! אָה! נסים! איך גלויב ניט אין נסים. כ'האָב זיך גענוג אָנגעזעהן מיט זיי. (צום דיענער) מיין פאָכער!

ערשטער נוצרי. אָט דער מאַן ווייזט אמת'ע נסים. אַזוי האָט ער למשל אויף אַ חתונה, וואָס איז פאָרגעקומען אין אַ קליינער נאָר וויכטיגער שטאָדט אין גליל, פערוואַנדעלט וואַסער אין ווייך. מענשען, וואָס זיינען דערביי געווען, האָבען עס מיר דערצעהלט. אַחוץ דעם האָט ער אויסגעהיילט צוויי מצורעים, וועלכע זיינען געזעסען ביים טויער פון כפר נחום. ער האָט די קרעציגע בלויז אָנגעריהרט, און זיי זיינען אויס-געהיילט געוואָרען.

צווייטער נוצרי. ניין, צוויי בלינדע זיינען דאָס גע־
ווען די, וועמען ער האָט געהיילט ביים טויער פון כפר נחום.

ערשטער נוצרי. ניין, דאָס זיינען געווען מצורעים.
נאָר ער האָט אויך בלינדע געהיילט; און אויף אַ באַרג האָט
מען איהם געזעהן, ריידענדיג מיט מלאכים.

אַ צדוקי. ניטאָ קיין מלאכים.

אַ פרושי. עס זיינען יאָ דאָ מלאכים, נאָר איך גלויב
ניט, אַז אָט דער מאַן האָט מיט זיי גערעדט.

ערשטער נוצרי. אַ גרויסע מחנה מענשען האָט
איהם געזעהן, ווי ער האָט גערעדט מיט מלאכים.

אַ צדוקי. ניט מיט מלאכים.

הורודיה. ווי אָט די מענשען דערעסען מיך! זיי
זיינען משוגע. זיי זיינען איינפאַך משוגע. (צום דיענער.) נו,
מיין פאָכער? (דער דיענער גיט איהר דעם פאָכער.) דו זעהסט
אוים, אַזוי ווי דו וואָלסט געטרוימט; דו זאָלסט ניט טרוימען.
נור קראַנקע מענשען טרוימען. (זי גיט דעם דיענער אַ קלאַפּ מיט'ן
פאָכער.)

צווייטער נוצרי. אַחוץ דעם איז אויך געשעהן
דער נס מיט ירות'עס טאָכטער.

ערשטער נוצרי. יאָ, דאָס איז זיכער. קיינער קען
עס ניט אָבלייקענען.

הורודיה. די מענשען זיינען איינפאַך פון זינען אַראָב.
זיי האָבען צופיעל געקוקט אויף דער לבנה. זאָג זיי, זיי זאָ־
לען שווייגען.

הורדוס. וואָס איז דאָס געווען פאַר אַ נס מיט
ירות'עס טאָכטער?

ערשטער נוצרי. ירות'עס טאָכטער איז געשטאָר־
בען. ער האָט זי צוריק לעבעדיג געמאַכט.

הורדוס. וואָס זשע, ער איז מחיה מתים?

ערשטער נוצרי. יאָ, מיין הערר. ער איז מחיה מתים

הורדוס. איך וויל ניט, ער זאָל עס טהון. איך פער־באָט איהם דאָס צו טהון. איך ערלויב ניט, מען זאָל מחיה מתים זיין. מען מוז אויפזוכען יענעם מאַן און איהם זאָגען, אַז איך פערוועהר איהם מחיה מתים צו זיין. וואו איז ער ערגעץ, אָט דער מאַן ?

צווייטער נוצרי. ער איז איבעראַל, מיין הערר, אָבער ס'איז שווער איהם אויסצוגעפינען.

ערשטער נוצרי. מען זאָגט, אַז ער איז אַצונד אין שומרון.

אַ איד. דערפון קען מען זעהן, אַז ער איז ניט משיח, ווען ער איז אין שומרון. צו די שומרונים וועט דאָך משיח ניט קומען. די שומרונים זיינען פערפלוכט. זיי ברייננגען ניט קיין קרבנות אין בית המקדש.

צווייטער נוצרי. מיט עטליכע טעג צוריק איז ער אַוועק פון שומרון. איך מיין, ער געפינט זיך איצט אַרום ירושלים.

ערשטער נוצרי. אָה ניין, ער איז ניט דאָרט. איך קום נאָר וואָס פון ירושלים. שוין צוויי חדשים, אַז זיי האָבען פון איהם גאָרנישט געהערט.

הורדוס. דאָס מאַכט גאָרנישט אויס. נאָר זאָל מען איהם געפינען און איהם זאָגען אין מיין נאָמען: איך ער־לויב איהם ניט מחיה מתים צו זיין! פערוואַנדלען וואַסער אין וויין, אויסהיילען קרעציגע און בלינדע... ער קען דאָס אַלעס טהון, אויב ער וויל. איך האָב גאָרנישט געגען דעם. באמת גערעדט, האַלט איך עס גאָר פאַר אַ גאַנץ גוטע זאַך אויסצוהיילען אַ מצורע. נאָר איך ערלויב איהם ניט מחיה מתים צו זיין... עס וואָלט געווען שרעקליך, ווען די טויטע קומען צוריק פון די קברים.

יוחנן׳ס שטימע. אַה! די אויסגעלאַסענע! די זונה! אַה! די טאָכטער פֿון בבל מיט איהרע גאָלדענע אויגען און מיט די גלאַנציגע אויגען-לעדעלאַך! אַזוי זאָגט גאָט דער האַר: אַן ערדה מענשען לאָזט אַרויס געגען איהר. זאָל דאָס פֿאָלק נעהמען שטיינער און זי פֿערשטיינען...

הורודיה. בעפֿעהל איהם, ער זאָל שווייגען!

יוחנן׳ס שטימע. זאָלען די קריגס-לייט זי דורכלע-כערן מיט זייערע שווערדען, זאָלען זיי זי צודריקען מיט זייערע פּאַנצערס.

הורודיה. נאַ, אָבער דאָס איז דאָך איינפֿאַך שענדליך!

יוחנן׳ס שטימע. אַזוי וועל איך אויסראָטען די רשעות׳דיגע מעשים פֿון דער ערד, כדי אַלע ווייבער זאָלען זיך אַראָבנעהמען אַ מוסר און ניט נאָכטהון איהרע געמיינהייטען.

הורודיה. דו הערסט, וואָס ער זאָגט אויף מיר? עס אַרט דיך גאָר ניט, וואָס דיין פֿרוי ווערט אַזוי בעליידיגט?

הורדוס. ער האָט דאָך ניט דערמאָנט דיין נאָמען.

הורודיה. וואָס מאַכט עס אויס? דו ווייסט דאָך גאַנץ גוט, אַז איך בין דאָס די, וועמען ער זוכט צו שמוצען. און איך בין דאָך דיין פֿרוי. ווי, בין איך ניט דיין פֿרוי?

הורדוס. יאָ, טהייערע און נאָבעלע הורודיה, דו ביסט מיין פֿרוי און פֿריהער ביסט דו געווען די פֿרוי פֿון מיין ברודער.

הורודיה. אָבער דאָס האָסט דו דאָך מיך אַרויסגע-ריסען פֿון זיינע אָרעמס!

הורדוס. אמת, איך בין געווען דער שטאַרקערער... נאָר לאָמיר בעסער ניט ריידען דערפֿון. איך וויל ניט ריידען דערפֿון. אָט דערפֿאַר טאַקע האָט עס דער נביא גערעדט די שרעקליכע ווערטער. ס׳קען נאָך צוליעב דעם אַן אונגליק גע-שעהן. לאָמיר בעסער מעהר ניט ריידען דערפֿון. נאָבעלע הורודיה, מיר פֿערגעסען גאָר אָן אונזערע געסט. פֿיל אָן מיין

בעבער, דו פיעל געליעבטע! פילט אָן מיט וויין די גרויסע באָקאַלען פון זילבער און די גרויסע באָקאַלען פון גלאָז. איך טרינק פאַר צעזאַר'ס געזונד. פאַרהאַן רוימער דאָ, מען מוז טרינקען פאַר צעזאַר'ס געזונד.

אַלע. צעזאַר! צעזאַר!

הורדוס. דו זעהסט גאָר ניט, ווי בלאַס דיין טאָכטער איז?

הורודיה. וואָס געהט עס דיך אָן, צי זי איז בלאַס צי ניט?

הורדוס. אַזוי בלאַס האָב איך זי נאָך קיינמאָל ניט געזעהן.

הורודיה. דו האָסט ניט וואָס צו קוקען אויף איהר.

יוחנן'ס שטימע. אין יענעם טאָג וועט די זונן שוואַרץ ווערן ווי אַ האָרענער זאַק, און די לבנה וועט ווערן ווי בלוט און די שטערען וועלען אַראָבפאַלען אויף דער ערד ווי צייטיגע פייגען, וועלכע פאַלען אַרונטער פון אַ פייגען־בוים, און די קעניגע פון דער ערד וועלען ציטערן פאַר שרעק.

הורודיה. אַה! אַה! איך וואָלט געוואָלט זעהן דעם טאָג, מכח וועלכען ער רעדט, ווען די לבנה וועט ווערן ווי בלוט און די שטערען וועלען אַרונטערפאַלען אויף דער ערד ווי צייטיגע פייגען! אָט דער נביא רעדט ווי אַ שכור... אָבער איך קען ניט פערטראָגען דעם קלאַנג פון זיין שטימע. זיין שטימע עקעלט מיך אָב. הייס איהם שווייגען.

הורדוס. איך וועל דאָס ניט טהאָן. ס'איז אמת, אַז איך פערשטעה ניט וואָס ער רעדט, אָבער עס קען דאָך זיין אַ צייכען, אַ וואונק, אויף וואָס עס איז.

הורודיה. איך גלויב ניט אין צייכענס. ער רעדט ווי אַ שכור.

הורדוס. ס'קען דאָך זיין, אַז ער איז שכור פון גאָט'ס וויין;

הורודיה. וואָס פֿאַר אַ מין ווײַן איז דאָס גאָט׳ס ווײַן? פֿון וועלכען ווײַנגאָרטען שטאַמט ער? און וואָס פֿאַר אַ קעלער קען מען איהם געפֿינען?

הורדוס. (פֿון דער דאָזיגער רגע נעהמט ער ניט אַראָב קיין אויג פֿון סאַלאָמע׳ן). טיגעלינוס, דאָס מאָל, ווען איהר זייט געווען אין רוים, האָט דער קיסר מיט אייך גערעדט וועגען?...

טיגעלינוס. וועגען וואָס, מײַן הערר?

הורדוס. וועגען וואָס? אָה! כ׳האָב אייך וואָס געפֿרעגט, ניט אמת? כ׳האָב שוין גאָר פֿערגעסען, וואָס איך האָב אייך געוואָלט פֿרעגען.

הורודיה. דו קוקסט שוין ווידער אויף מײַן טאָכטער. דו זאָלסט ניט קוקען אויף איהר. כ׳האָב עס דיר שוין מעהר ווי איינמאָל געזאָגט.

הורדוס. דו זאָגסט דאָך קיין אַנדער זאַך ניט.

הורודיה. נו, זאָג איך עס נאָך אַמאָל.

הורדוס. און מכח דאָס איבערבויען פֿון׳ם בית המקדש, וועגען וואָס מען רעדט אַזוי פֿיעל? וועט עפּעס ווערן דערפֿון? ניט אמת, מען זאָגט, אַז דער פּרוכת פֿון קדשי קדשים איז פֿערשוואונדען?

הורודיה. דו אַליין האָסט דאָך איהם צוגע׳גנב׳עט. עפּעס רעדסט דו היינט און ווייסט אַליין ניט וואָס דו רעדסט. איך וויל דאָ מעהר ניט בלייבען. קום אַריין צוריק אינעווייניג.

הורדוס. טאַנץ פֿאַר מיר, סאַלאָמע.

הורודיה. איך וועל איהר ניט לאָזען טאַנצען.

סאַלאָמע. איך האָב קיין לוסט ניט צו טאַנצען, ווײַצע־קעניג.

הורדוס. סאַלאָמע, טאָכטער פֿון הורודיה, טאַנץ פֿאַר מיר.

הורודיה. לאָז איהר צורוה.

הורדוס. איך בעפֿעהל דיר צו טאַנצען, סאַלאָמע.

סאַלאָמע. איך וועל ניט טאַנצען, וויצע־קעניג.

הורודיה (מיט אַ געלעכטער). נאַ, מען זעהט טאַקע ווי זי פֿאָלגט דיר!

הורדוס. וואָס אַרט עס מיך, צי זי וועט טאַנצען צי ניט? קיין גרעסערע דאגה זאָל איך ניט האָבען. היינט אָבענד בין איך גליקליך. איך בין זעהר גליקליך. נאָך קיינמאָל בין איך ניט אַזוי גליקליך געווען ווי היינט.

ערשטער זעלנער. דער וויצע־קעניג זעהט אויס מרהשחורה'דיג. ניט אמת, ער זעהט אויס מרה־שחורה'דיג?

צווייטער זעלנער. יאָ, ער זעהט טאַקע אויס מרה־שחורה'דיג.

הורדוס. פֿאַרוואָס זאָל איך ניט זיין גליקליך? צעזאַר, וועלכער איז דער האַר פֿון דער וועלט, וועלכער איז דער האַר איבער אַלעס, — צעזאַר ליעבט דאָך מיר זעהר שטאַרק. ער האָט מיר נאָר וואָס צוגעשיקט אַזעלכע טייערע מתנות. דערצו האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער וועט אַרויסרופֿען קיין רוים דעם קעניג פֿון קאַפּאַדאָציאַ, וועלכער איז מיין שונא. ס'קען אויך זיין, אַז ער וועט איהם דאָרט אין רוים נאָר לאָזען קרייציגען. ער קען דאָך טהאָן אַלץ, וואָס ער וויל, צעזאַר. וואָרים ער איז בעל הבית. איהר זעהט אַלזאָ, אַז איך האָב פֿאַר וואָס גליקליך צו זיין; און איך בין גליקליך. נאָך קיינמאָל בין איך ניט געוועזן אַזוי גליקליך ווי היינט. קיין זאַך אין דער וועלט קען ניט פֿערשטערען מיין שמחה.

יוחנן'ס שטימע. ער וועט זיצען אויף זיין טראָהן. ער וועט זיין אָנגעטהאָן אין פּורפּור און אין שאַרלאַך־רויט. אין זיין האַנד וועט ער האַלטען אַ גאָלדענעם בעכער, פֿול מיט זיינע גאָטעס־לעסטערונגען. נאָר דער מלאך פֿון גאָט וועט איהם דערשלאָגען אויף טויט, פֿון ווערים וועט ער צופֿרעסען ווערן.

הורודיה. דו הערסט, וואָס ער זאָגט וועגען דיר? ער זאָגט, דו וועסט צופּרעסען ווערן פון ווערים?

הורדוס. דאָס רעדט ער ניט פון מיר. געגען מיר רעדט ער קיינמאָל ניט. דאָס רעדט ער מכח דעם קעניג פון קאַפּאַדאָציאַ, וועלכער איז מיין שונא. דאָס וועט ער דאָס צו־פּרעסען ווערן פון ווערים. ניט איך. נאָך קיינמאָל האָט ער געגען מיר קיין שלעכט וואָרט ניט אויסגערעדט, אָט דער נביא, אַחוץ דאָס, אַז איך האָב געזינדיגט דערמיט וואָס איך האָב גענומען פאַר אַ ווייב די פרוי פון מיין ברודער. און אפשר איז ער טאַקע גערעכט אויך. וואָרים באמת גערעדט, ביסט דו דאָך אַן עקרה.

הורודיה. איך בין אַן עקרה, איך? און דאָס זאָגסט דו, דו, וואָס דו האַלסט אין איין קוקען אויף מיין טאָכטער, דו, וואָס דו האָסט געוואָלט, זי זאָל דיר פערשאַפען פערגני־גען און טאַנצען פאַר דיר! ס'איז דאָך איינפאַך לעכערליך אַזוי וואָס צו זאָגען. איך האָב דאָך שוין געהאַט אַ קינד. אָבער פון דיר איז נאָך קיינמאָל קיין קינד ניט געבוירען געוואָרען, ניט אַמאָל פון איינער פון דיינע שקלאַפינען. דאָס ביסט דו גאָר אַן עקר, ניט איך אַן עקרה!

הורדוס. שווייג שטיל! איך זאָג נאָך אַמאָל, דו ביסט אַן עקרה. על כל פנים מיר האָסט דו קיין קינד ניט געבוירען, און דער נביא זאָגט, אַז אונזער חתונה איז ניט קיין אמת'ע חתונה. ער זאָגט, ס'איז אַ זינדיג צוזאַמענלעבען, אַ צוזאַמענ־לעבען, וואָס וועט ברייגנען אונגליק... כ'האָב מורא, ער איז גערעכט; איך בין זיכער, אַז ער איז גערעכט. נאָר ניט איצט איז די צייט צו ריידען פון אַזעלכע זאַכען. אַצונד וואָלט איך געוואָלט זיין גליקליך. און איך בין ווירקליך גליקליך. עס פעהלט מיר קיין זאַך ניט.

הורודיה. ס'שהוט מיר שטאַרק הנאה, וואָס דו ביסט

אַזוי גוט אויפֿגעלייגט היינט אָבענד. דו ביסט דאָך גאָר ניט געוואוינט דערצו. נאָר ס'איז שוין שפּעט. לאָמיר אַריינגעהן צוריק אינעווייניג. פֿערגעס ניט, אַז מיר געהען בעגינען צו צו טאָג אַרויס אויף דער יאָגד. מיר מוזען דאָך ווייזען צעזאַר'ס שליחים, ווי מיר פֿערשטעהען זיי צו עהרען, ניט אמת?

צווייטער זעלנער. ווי מרה־שחורה'דיג דער וויצע־קעניג זעהט אויס!

ערשטער זעלנער. יאָ ער זעהט טאָקי אויס מרה־שחורה'דיג.

הורדוס. סאַלאָמע, סאַלאָמע, טאַנץ פֿאַר מיר. איך בעט דיך, טאַנץ פֿאַר מיר. איך בין אַזוי אומעטיג היינט ביינאַכט. יאָ, איך בין זעהר אומעטיג היינט ביינאַכט. אַז איך בין אַרויס־געקומען אַהער, האָב איך זיך אויסגעגליטשט אין בלוט. דאָס איז אַודאי אַ שלעכטער סימן. און איך האָב געהערט, איך בין איבערצייגט, אַז איך האָב געהערט אַ קלאַפּעריי פֿון פֿליגלען אין דער לופֿט, אַ געררויש פֿון ריעזיג־גרויסע פֿליגלען. איך ווייס ניט, וואָס דאָס קען בעדייטען... נאָר איך בין אַזוי או־מעטיג היינט ביינאַכט. דערום טאַנץ פֿאַר מיר. סאַלאָמע, טאַנץ פֿאַר מיר, איך בעט דיך. אַז דו וועסט טאַנצען פֿאַר מיר, קענסט דו ביי מיר פֿערלאַנגען וואָס דו ווילסט, און איך וועל עס דיר געבען, מעג עס אפילו זיין די העלפֿט פֿון מיין מלוכה.

סאַלאָמע (שטעהט אויף). וויצע־קעניג, איהר וועט מיר ווירקליך געבען אַלעס, וואָס איך וועל נאָר פֿערלאַנגען?

הורדיה. טאַנץ ניט, מיין טאָכטער!

הורדוס. אַלעס, מעג עס אפילו זיין די העלפֿט פֿון מיין מלוכה.

סאַלאָמע. איהר שווערט זיך דערויף, וויצע־קעניג?

הורדוס. איך שווער זיך, סאַלאָמע.

הורודיה. טאַנץ ניט, טאָכטער מיינע.

סאַלאָמע. ביי וואָס שווערט איהר זיך, וויצע־קעניג?

הורדוס. ביי מיין לעבען, ביי מיין קרוין, ביי מיינע געטער! אַלעס, וואָס דו פֿערלאַנגסט, וועל איך דיר געבען, מעג עס אפילו זיין די העלפֿט פֿון מיין מלוכה, ווען דו וועסט נור טאַנצען פֿאַר מיר. אָה, סאַלאָמע, סאַלאָמע, טאַנץ פֿאַר מיר!

סאַלאָמע. איהר האָט אַלזאָ געשוואָרען, וויצע־קעניג.

הורדוס. איך האָב געשוואָרען, סאַלאָמע.

סאַלאָמע. אַלעס, וואָס איך וועל פֿערלאַנגען, מעג עס אפילו זיין די העלפֿט פֿון אייער מלוכה?

הורודיה. מיין טאָכטער, טאַנץ ניט!

הורדוס. מעג עס אפילו זיין די העלפֿט פֿון מיין מלוכה. אַלס קעניגין וועסט דו זיין זעהר שעהן, סאַלאָמע, אויב דיר וועט נור איינפֿאַלען צו פֿערלאַנגען די העלפֿט פֿון מיין מלוכה. ניט אמת, זי וועט זיין זעהר שעהן אַלס קעניגין? ... אַה! ווי קאַלט דאָ איז! ס'בלאָזט אַן אייז-קאַלטער ווינד, און איך הער... פֿאַרוואָס הער איך דאָס אָט דעם גערויש פֿון פֿליגלען אין דער לופֿט? אַה! עס זעהט אויס, עפּעס אַזוי ווי אַ פֿויגעל, אַ גרויסער שוואַרצער פֿויגעל וואָלט אַרומגעפֿלאַטערט דאָ איבער'ן באַלקאָן. פֿאַרוואָס קען איך איהם ניט זעהן, אָט דעם פֿויגעל? דער גערויש פֿון זיינע פֿליגלען איז שרעקליך. דער ווינד, וואָס ער מאַכט קלאַפּענדיג מיט זיינע פֿליגלען, איז שרעקליך. ס'איז אַ קאַלטער ווינד... אָבער ניין, ער איז דאָך גאָר ניט קאַלט; אדרבה, ער איז זעהר וואַרם, דער ווינד. ער איז צו וואַרם. איך ווער דער־שטיקט. גיסט מיר אַרויף וואַסער אויף די הענד. גיט מיר שנעע צו עסען. שפּילעט מיר אָב דעם מאַנטעל. גיכער, ני־כער, שפּילעט מיר אָב דעם מאַנטעל! ... נאָר ניין, לאָזט אָב! דאָס איז גאָר מיין קראַנץ, וואָס טהוט מיר אַזוי וועה, מיין קראַנץ פֿון רויזען. די בלומען זיינען ווי פֿייער. זיי האָבען

מיר דעם שטערן פֿערברענט. (ער רייסט אַרונטער דעם קראַנץ פֿון קאָפּ און טהוט איהם אַ וואָרף אויף'ן טיש.) אַה! ענדליך קען איך אָבכאַפּען דעם אָטהעם. ווי רויט אָט די בלעטער זיינען! מען וואָלט זיי געקענט אָננעהמען פֿאַר בלוט-פֿלעקען אויף'ן טוך. נאָר דאָס מאַכט גאָרנישט אויס. מען דאַרף ניט געפֿינען קיין סימבאָלען אין אַלץ וואָס מען זעהט. דאָס פֿערראַומערט אַזוי דאָס לעבען! ס'וואָלט געווען גלייכער צו זאָגען, אַז בלוט-פֿלעקען זיינען פּונקט אַזוי שעהן ווי רויזען-בלעטער. יאָ, ס'וואָלט געווען אַסך גלייכער אַזוי צו זאָגען... נאָר לאָמיר בעסער ניט ריידען דערפֿון. אַצונד בין איך גליקליך; איך בין זעהר גליקליך. און איך מעג דאָך זיין גליקליך, ניט אמת? דיין טאָכטער וועט טאַנצען פֿאַר מיר. אַיאָ, דו וועסט פֿאַר מיר טאַנצען, סאַלאָמע? דו האָסט דאָך מיר צוגעזאָגט צו טאַנצען.

הורודיה. איך וויל ניט, זי זאָל טאַנצען.

סאַלאָמע. איך וועל טאַנצען פֿאַר אייך, וויצע-קעניג.

הורדוס. דו הערסט, וואָס דיין טאָכטער זאָגט? זי וועט טאַנצען פֿאַר מיר. דו טהוסט זעהר גוט, וואָס דו וועסט פֿאַר מיר טאַנצען, סאַלאָמע! און אַז דו וועסט האָבען אָבגעטאַנצט, פֿערגעס אַקאָרשט ניט פֿערלאַנגען פֿון מיר אַלץ, וואָס דו ווילסט. אַלעס, וואָס דו ווילסט, וועל איך דיר געבען, מעג עס אפילו זיין די העלפֿט פֿון מיין מלוכה. איך האָב עס דאָך געשוואָרען, ניט אמת?

סאַלאָמע. איהר האָט עס געשוואָרען, וויצע-קעניג.

הורדוס. און איך האָב נאָך קיינמאָל מיין וואָרט ניט געבראָכען. איך בין ניט פֿון די וואָס ברעכען זייער וואָרט. איך קען ניט זאָגען קיין ליגען. איך בין דער שקלאַף פֿון מיין וואָרט, און מיין וואָרט איז דאָס וואָרט פֿון אַ קעניג. דער קעניג פֿון קאַפּאַדאָציאַ זאָגט כסדר ליגען, נאָר ער איז דאָך ניט

קיין ריכטיגער קעניג. ער איז אַ פײגלינג. דערצו איז ער מיר שולדיג געלד, וואָס ער וויל מיר ניט בעצאָהלען. ער האָט זאָ־גאַר בעליידיגט די מענשען, וואָס איך האָב צו איהם געשיקט. ער האָט זיי זעהר גראָב אָנגעטראָטען. נאָר צעזאַר וועט איהם קרייציגען, ווען ער וועט קומען קיין רוים. איך בין איבער־צייגט, אַז צעזאַר וועט איהם קרייציגען. און אויב ניט, וועט ער דאָך סיי ווי סיי שטאַרבען און די ווערים וועלען צופרע־סען זיין לייב. אַזוי האָט דאָך דער נביא נביאות געזאָגט. נו! אויף וואָס וואַרטסט דו, סאַלאָמע?

סאַלאָמע. איך וואַרט נור, מיינע שקלאַפינען זאָלען מיר ברייגנען פאַרפומען און די זיבען שלייערס, און מיר אויך אַרונטערנעהמען די סאַנדאַלען פון די פיס. (די שקלאַפינען בריינ־גען פאַרפומען און די זיבען שלייערס און נעהמען סאַלאָמע'ן אַרונטער די סאַנדאַלען פון די פיס.)

הורדוס. אַה! דו וועסט טאַנצען מיט נאַקעטע פיס! דאָס איז גוט! ווי ווייסע טויבען וועלען דיינע פיסעלאַך זיין. זיי וועלען זיין ווי ווייסע בלימעלאַך, וואָס טאַנצען אויף די בוימער... ניין, ניין, זי וועט טאַנצען אויף בלוט. דאָ איז פער־גאָסען געוואָרען בלוט אויף דער ערד! איך וויל ניט, זי זאָל טאַנצען אויף בלוט. דאָס איז ניט קיין גוטער סימן!

הורודיה. וואָס אַרט עס דיך, אַז זי וועט טאַנצען אויף בלוט? דו האָסט דאָך גענוג געבראָדזשעט אין בלוט...

הורדוס. וואָס אַרט דאָס מיך? אַה! קוק נאָר אָן די לבנה! זי איז געוואָרען רויט. זי איז געוואָרען רויט ווי בלוט. אַה! דער נביא האָט עס פאָראויסגעזאָגט. ער האָט נביאות געזאָגט, אַז די לבנה וועט ווערן רויט ווי בלוט. ניט אמת, ער האָט דאָס נביאות געזאָגט? איהר האָט דאָך דאָס אַלע געהערט? און איצט איז זי טאַקע געוואָרען רויט ווי בלוט, די לבנה. וואָס זשע, איהר זעהט עס ניט?

הורודיה. נו, אודאי זעה איך עס, און די שטערען פאַלען אַרונטער ווי צייטיגע פייגען, ניט אמת? און די זונן ווערט שוואַרץ ווי אַ האָרענער זאַק, און די קעניגע פון דער ערד ציטערען פאַר שרעק. דאָס ווייניגסטענס קען מען זעהן. איינמאָל אין זיין לעבען איז דער נביא גערעכט געווען: די קעניגע פון דער ערד ציטערן פאַר שרעק... נאָר לאָמיר בעסער אַריינגעהן אינעווייניג; דו ביסט קראַנק. מען וועט נאָך זאָגען אין רוים, אַז דו ביסט משוגע. לאָמיר אַריינגעהן אינעווייניג, זאָג איך דיר.

יוחנן'ס שטימע. ווער איז דער, וואָס קומט פון אדום, ווער איז דער, וואָס קומט פון בצרה, וועמעס קלייד איז פון פורפור און וועלכער גלאַנצט אין זיין קליידער-פּראַכט? ווער איז ער דאָס, וואָס קומט מיט אַזאַ געוואַלטיגער מאַכט? פאַרוואָס זיינען דיינע קליידער בעפלעקט מיט שאַרלאַך-רויט?

הורודיה. לאָמיר אַריינגעהן אינעווייניג. די שטימע פון דעם דאָזיגען מאַן בריינגט מיך פון די כלים אַרויס. איך וויל ניט, מיין טאָכטער זאָל טאַנצען, בעת ווען ער מאַכט אַזעלכע משונה'דיגע קולות. איך וויל ניט, זי זאָל טאַנצען, בעת ווען דו נעהמסט איהר אַזוי דורך מיט דיינע אויגען. מיט איין וואָרט, איך וויל ניט, זי זאָל טאַנצען.

הורדוס. אומזיסט וואָס דו הויבסט זיך אויף, מיין פרוי, מיין קעניגין, ס'וועט דיר גאָרנישט העלפען. איך וועל ניט אַריינגעהן אינעווייניג, ביז וואַנען זי וועט ניט טאַנצען. טאַנץ, סאַלאָמע, טאַנץ פאַר מיר.

הורודיה. טאַנץ ניט, מיין טאָכטער!

סאַלאָמע. איך בין גרייט, וויצע-קעניג.

(סאַלאָמע טאַנצט דעם טאַנץ פון די זיעבען שלייערס.)

הורדוס. אַה! ווי הערליך, ווי הערליך! דו זעהסט ווי זי האָט פאַר מיר געטאַנצט, דיין טאָכטער. קום אַהער,

סאַלאָמע, קום אַהער און לאָמיך דיר געבען דיין לוין. אָה איך בעצאָהל גוט די טענצערקעס. דיר וועל איך בעצאָהלען קעניגליך. איך וועל דיר געבען אַלעס, וואָס דיין האַרץ וועט נור גלוסטען. וואָס ווילסט דו האָבען? זאָג!

סאַלאָמע. (שטעלט זיך אויף די קניע). איך וויל, מען זאָל מיר גלייך ברייננגען אויף אַ זילבערנער שיסעל...

הורדוס. (לאַכענדיג). אויף אַ זילבערנער שיסעל? נו יאָ, אַודאי אויף אַ זילבערנער שיסעל. זי איז רייצענד, ניט ריכטיג? וואָס זשע ווילסט דו, מען זאָל דיר ברייננגען אויף אַ זילבער־נער שיסעל, אָה זיסע און שעהנע סאַלאָמע, דו, וואָס דו ביסט שעהנער פֿון אַלע טעכטער פֿון יהודה? וואָס זאָל מען דיר ברייננגען אויף אַ זילבערנער שיסעל? זאָג עס מיר. וואָס עס זאָל נימו זיין, מען וועט עס דיר געבען. מיינע אוצרות געהע־רען דיר. וואָס איז דאָס פֿאָרט, סאַלאָמע?

סאַלאָמע (אויפֿשטעהענדיג). יוחנן׳ס קאָפּ.

הורודיה. אַה! דאָס האָסט דו גוט געזאָגט, מיין טאָכטער.

הורדוס. ניין, ניין!

הורודיה. דאָס האָסט דו גוט געזאָגט, מיין טאָכטער.

הורדוס. ניין, ניין, סאַלאָמע! ניט דאָס פֿערלאַנגסט דו פֿון מיר. הער זיך ניט צו צו דיין מוטער׳ס רייד. זי גיט דיר תמיד שלעכטע עצות. הער ניט, וואָס זי זאָגט דיר.

סאַלאָמע. איך קוק ניט אויף מיין מוטער און איך הער זיך ניט צו צו איהרע רייד. פֿאַר מיין אייגענעם פֿערגני־גען פֿערלאַנג איך דאָס יוחנן׳ס קאָפּ אויף אַ זילבערנער שיסעל. איהר האָט געשוואָרען, הורדוס. פֿערגעסט ניט, אַז איהר האָט געשוואָרען!

הורדוס. איך ווייס. איך האָב געשוואָרען ביי מיינע געטער. איך ווייס עס גאַנץ גוט. אָבער איך בעט דיך, סאַלאָמע,

פֿערלאַנג פֿון מיר עפּעס אַנדערש. פֿערלאַנג פֿון מיר די העלפֿט פֿון מיין מלוכה, און איך וועל זי דיר געבען. נאָר פֿערלאַנג ניט פֿון מיר דאָס, וואָס דו האָסט נאָר וואָס פֿער־לאַנגט.

סאַלאָמע. איך פֿערלאַנג פֿון אייך יוחנן׳ס קאָפּ.

הורדוס. ניין, ניין, איך וויל עס ניט.

סאַלאָמע. איהר האָט געשוואָרען, הורדוס.

הורודיה. יאָ, דו האָסט געשוואָרען. יעדער איינער האָט עס געהערט. דו האָסט געשוואָרען פֿאַר יעדען איינעם.

הורדוס. שווייג. שטיל! צו דיר רייד איך ניט.

הורודיה. מיין טאָכטער טהוט גאַנץ גוט, וואָס זי פֿערלאַנגט יוחנן׳ס קאָפּ. ער האָט מיך פֿערוואָרפֿען מיט שמוץ. שרעקליכע זאַכען האָט ער אויף מיר געזאָגט. מען קען זעהן, אַז זי ליעבט שטאַרק איהר מוטער. האַלט זיך פֿעסט ביי דיין פֿערלאַנג, טאָכטער מיינע. ער האָט געשוואָרען, ער האָט געשוואָרען.

הורדוס. שווייג! רייד ניט צו מיר... הער אויס, סאַ־לאָמע, מען מוז זיין פֿערגינפּטיג, ניט אמת? איך בין קיינמאָל ניט געווען שטרייננג צו דיר. איך האָב דיך געליעבט... ס׳קען זיין, אַז איך האָב דיך צופֿיעל געליעבט. דערום פֿערלאַנג ניט פֿון מיר אַזאַ זאַך. ס׳איז שרעקליך, ס׳איז מורא׳דיג דאָס צו פֿערלאַנגען פֿון מיר. באמת גערעדט, גלויב איך גאָר ניט, אַז דו מיינסט עס ערנסט; דאָס טרייבסט דו געווים שפּאַס מיט מיר. דער קאָפּ פֿון אַ געקעפּטען איז אַן עקעלהאַפֿטע זאַך אַ קוק צו טהאָן דערויף, ניט אמת? אַזאַ זאַך טאָר אַ יונגפֿרוי גאָר ניט אָנקוקען. וואָס פֿאַר אַ פֿערגניגען קען עס דיר פֿערשאַפֿען? קיין שום פֿערגניגען ניט. ניין, ניין, ניט דאָס ווילסט דו... הער מיך אויס. איך האָב אַ שמאַראַגד, אַ גרויסען, קיילעכדיגען שמאַראַגד, וואָס צעזאַר׳ס ליעבלינג האָט מיר געשיקט. אַז דו

קוקסט דורך דעם דאָזיגען שמאַראַגד, קענסט דו זעהן זאַכען, וואָס קומען פאָר ווייט, זעהר ווייט. צעזאַר אַליין טראָגט מיט זיך אַזאַ שמאַראַגד, ווען ער געהט אין צירק. אָבער מיינער איז גרעסער. איך בין איבערצייגט, אַז ער איז גרעסער. ער איז דער גרעסטער שמאַראַגד אין דער גאַנצער וועלט. דאָס וואָלסט דו געוואָלט האָבען, ניט אמת? פערלאַנג איהם פון מיר און איך וועל דיר איהם געבען.

ס אַ ל אָ מ ע. איך פערלאַנג יוחנן'ס קאָפּ.

ה ו ר ד ו ס. דו הערסט ניט. דו הערסט ניט וואָס איך זאָג דיר. לאָז זיך ריידען, סאַלאָמע.

ס אַ ל אָ מ ע. יוחנן'ס קאָפּ.

ה ו ר ד ו ס. ניין, ניין, ניט דאָס ווילסט דו. דאָס זאָגסט דו בלויז, כדי מיר אָנצוטהון יסורים, דערפאַר וואָס איך האָב דעם גאַנצען אָבענד אויף דיר געקוקט. נו יאָ, איך האָב דעם גאַנצען אָבענד געקוקט אויף דיר. דיין שעהנקייט האָט מיך גערייצט, דיין שעהנקייט האָט מיר קיין רוה ניט געגעבען און איך האָב צופיעל געקוקט אויף דיר. אָבער איך וועל שוין מעהר אויף דיר ניט קוקען. ניט אויף זאַכען און ניט אויף מענשען דאַרף מען קוקען. נור אין שפיגלען מעג מען קוקען; וואָרים די שפיגלען ווייזען אונז בלויז מאַסקען... אַה! אַה! וויין! ברייננט מיר וויין! איך בין דורשטיג... סאַלאָמע, סאַלאָמע, לאָמיר זיין פריינד. הער אויס! ... וואָס האָב איך געוואָלט זאָגען? וואָס איז דאָס געווען? אַה! איך האָב זיך שוין דערמאָנט! — — — — סאַלאָמע! ניין, קום צו נעהענטער צו מיר. כ'האָב מורא, דו הערסט ניט גוט, וואָס איך רייד צו דיר... סאַלאָמע, דו קענסט דאָך מיינע ווייסע פאַוועס, מיינע שעהנע, ווייסע פאַוועס, וועלכע געהען אַרום אין גאָרטען צווישען די מירטהען-בוימער און די הויכע ציפּרעסען. זייערע שנאָבלען זיינען בעצויגען מיט גאָלד און די קערנדלאַך, וואָס זיי עסען, זיינען אויך אָבגעגילט

און די פיסלאך זייערע זיינען בעפארבט מיט פורפור. טהוען זיי נור א געשריי, הויבט אן גיסען א רעגען, און די לבנה בעווייזט זיך אין הימעל, ווען זיי שפרייטען אוים זייערע עקען. פאר־ווייז וואנדלען זיי ארום צווישען די ציפרעסען און די טונקעלע מירטהען-בוימער, און יעדע פון זיי האט א שקלאף אכטונג צו געבען אויף איהר. צייטענווייז פליהען זיי אוועק איבער די בוימער, און צייטענווייז זיצען זיי און רוהען אויף'ן גראז און ארום די טייכען. אין דער גאנצער וועלט זיינען ניטא נאך אזעלכע וואונדערבארע פייגעל. ניטא נאך א קעניג אין דער גאנצער וועלט, וואס האט אזעלכע וואונדערבארע פייגעל. איך בין איבערצייגט, אז צעזאר אפילו האט ניט אזעלכע שעהנע פייגעל ווי מיינע. נו, איך וועל דיר געבען פופציג פון מיינע פאוועס. זיי וועלען דיר כסדר נאכגעהן און צווישען זיי אין מיטען וועסט דו זיין ווי די לבנה אין א גרויסען ווייסען וואל־קען... איך וועל זיי דיר אלע אוועקגעבען. איך האב מעהר ניט ווי הונדערט, און אין דער גאנצער וועלט איז ניטא נאך א קעניג, וואס האט אזעלכע פאוועס ווי מיינע. דאך גיב איך זיי דיר אלע אוועק. נאר דערפאר דארפסט דו מיך בעפרייען פון מיין שבועה און ניט פערלאנגען פון מיר דאס, וואס דו האסט פערלאנגט. (ער טרינקט אויס דעם בעכער וויין.)

סאלאמע. גיט מיר יוחנן'ס קאפ!

הורודיה. דאס האסט דו גוט געזאגט, מיין טאכטער! און דו, דו מאכסט זיך איינפאך נאריש מיט דיינע פאוועס.

הורדוס. שווייג שטיל! דו האלסט אין איין שרייען; אזוי ווי א רויב-פויגעל שרייסט דו! שריי ניט אזוי. דיין שטימע פייניגט מיך. שווייג, זאג איך דיר!... סאלאמע, בערעכען פארט וואס דו ווילסט טהאן. ס'קען דאך געמאלט זיין, אז אט דער מאן קומט פון גאט, מיר דוכט, אז ער קומט פון גאט; ער איז א הייליגער מאן. גאט האט איהם מיט זיין פינגער אנגעריהרט

גאָט האָט מורא'דיגע ווערטער איהם אין מויל אַריינגעלייגט. צי ער איז אין פּאַלאַץ, צי אין מדבר—גאָט איז שטענדיג מיט איהם... על כל פנים קען דאָך געמאָלט זיין, אַז עס איז אַזוי. אויף זיכער ווייסט מען טאַקע ניט, נאָר ס'איז דאָך מעגליך, אַז גאָט איז פאַר איהם און מיט איהם. אַחוץ דעם, ווען ער זאָל שטאַרבען, קען מיר נאָך טרעפען אַן אונגליק. ווארים ער האָט דאָך געזאָגט, אין דעם טאָג, ווען ער ועט שטאַרבען, וועט אימיצען טרעפען אַן אונגליק. און וועמען האָט ער גע־קענט מיינען דערמיט, אויב ניט מיך? געדיינק, אַז איך האָב זיך אויסגעגליטשט אויף בלוט, ווען איך בין אַהער אַרויסגע־קומען. איך האָב אויך געהערט אַ גערויש פון פליגלען אין דער לופט, אַ גערויש פון ריעזיג גרויסע פליגלען. דאָס זיינען שלעכטע סימנים. און עס זיינען אַודאי געווען נאָך אַנדערע, וועלכע איך האָב ניט בעמערקט. נו, סאַלאָמע, דו ווילסט דאָך ניט, אַז מיך זאָל טרעפען אַן אונגליק? דו ווילסט דאָך דאָס ניט. טאָ הער זשע מיך אויס.

סאַלאָמע. גיט מיר יוחנן'ס קאָפּ!

הורדוס. אַה! דו הערסט זיך דאָך גאָר ניט צו צו מיינע רייד. זיי רוהיג. איך, זעהסט דו, איך בין גאַנץ רוהיג. הער אויס. איך האָב דאָ ציערונג בעהאַלטען ביי מיר אין פּאַלאַץ, ציערונג, וואָס דיין מוטער אפילו האָט קיינמאָל אין די אויגען ניט אָנגעזעהן; ציערונג, וואָס איז צום בעוואונ־דערן. איך האָב אַ האַלז־באַנד פון פּערל, פון פיער רייהען פּערל. מען וואָלט זיי געקענט אָננעהמען פאַר לבנות, וואָס זיינען אָנגעקייטעלט אָן זילבערנע שטראַהלען. זיי זעהען אויס ווי פופציג געפאַנגענע לבנות אויף אַ דינעם גאָלדענעם פאָ־דים. דאָס האָט אַ קעניגין אויף דעם עלפענביין פון איהר ברוסט געטראָגען. אַז דו וועסט זיי טראָגען, וועסט דו זיין אַזוי שעהן ווי אַ קעניגין. איך האָב צוויי סאָרטען אַמעטהיסט-

שטיינער: איינער אַזוי שוואַרץ ווי וויין, דער אַנדערער אַזוי רויט ווי וויין געמישט מיט וואַסער. איך האָב טאָפּאַז־שטיי־נער, וואָס זיינען געל ווי די אויגען פֿון טיגערס, און טאָפּאַ־זען, וואָס זיינען רויט ווי די אויגען פֿון טויבען, און גרינע טאָפּאַזען ווי די אויגען פֿון קעץ. איך האָב אָפּאַלען־שטיינער, וואָס לייכטען מיט אַן אייז־קאַלטען פֿלאַם; אָפּאַלען, וואָס וואַרפֿען אַן אומעט אויף די מענשען און זיי שרעקען זיך פֿאַר דער נאַכט. איך האָב אָניקסען־שטיינער, ווי די אויג־אַפּלען פֿון אַ טויטער פֿרוי. איך האָב לבנה־שטיינדעלאַך, וועלכע פֿערענדערן זיך, ווען די לבנה ענדערט זיך, און ווערן בלאַס, ווען די זונן שיינט אַראָב אויף זיי. איך האָב סאַפּירען ווי אייער די גרויס און בלוי ווי בלויע בלומען. דער ים וואַרפֿט זיך אין זיי אַרום און די לבנה שטערט קיינמאָל ניט די בלוי־קייט פֿון זייערע כוואַליעס. איך האָב אַלערליי גאָלד־גרינע עדעל־שטיינער, איך האָב רובינען. איך האָב אַגאַט־שטיינער און היאַצינט־שטיינער און מילך־שטיינער; איך וועל זיי דיר אַלע אַוועקגעבען, יאָ אַלע, און כ'וועל דיר דערצו נאָך אַנ־דערע זאַכען קויפֿען. דער קעניג פֿון אינדיען האָט מיר נאָר וואָס געשיקט פֿיער פֿאָכערס פֿון פּאַפּאַגייען־פֿעדערן, און דער קעניג פֿון נוביען אַ בגד פֿון שטרויס־פֿעדערן. איך האָב אַ קריסטאָל, וואָס פֿרויען טאָרען דערויף ניט אַ קוק טהון און יונגע מענער מעגען עס ערשט דאַן זעהן, ווען מען האָט זיי געשמיסען מיט ריטער. אין אַ קעסטעלע פֿון פּערלמוטער האָב איך דריי הערליכע טירקיזען, דריי וואונדערבאַרע האַלב־דורכ־זיכטיגע עדעלשטיינער. אַז מען טראָגט זיי אויף'ן שטערן, קען מען זעהן זאַכען, וואָס זיינען גאָר אויף דער וועלט ניטאָ; און טראָגט מען זיי אין דער האַנד, קען מען פֿרויען פֿאַר עקרות מאַכען. דאָס זיינען גרויסע אוצרות, וואָס מען קען זיי פֿאַר קיין געלד ניט קויפֿען. דאָס זיינען אוצרות, וואָס זייער

פּרייז איז גאָר ניט אָבצושאַצען. אָבער דאָס איז ניט אַלעס. אין אַ קעסטעל פֿון עבענהאָלץ האָב איך צוויי בורשטינענע בעכערס, וועלכע זעהען אויס ווי גאָלדענע עפּעל. אַז אַ שונא גיסט אַריין גיפֿט אין אָט די בעכערס, ווערן זיי ווי זילבערנע עפּעל. אין אַ קעסטעל, בעשלאָגען מיט בורשטין, האָב איך סאַנדאַלען, וואָס זיינען בעזעצט מיט גלאָז. איך האָב מאַנטלען, וואָס קומען פֿון׳ם לאַנד פֿון די סערער, און אָרם־בענדער בעזעצט מיט קאַרפֿונקעל און נירענשטיינער, וועלכע קומען פֿון דער שטאָדט פרת... וואָס ווילסט דו נאָך, סאַלאָמע? זאָג מיר, וואָס דיין האַרץ בעגעהרט, און איך וועל עס דיר געבען. איך וועל דיר געבען אַלעס, וואָס דו ווינשסט, נאָר איין זאַך ניט. איך וועל דיר געבען אַלעס, וואָס איך האָב, נאָר איין לעבען ניט. איך וועל דיר געבען דעם כהן גדול׳ס מאַנטעל. איך וועל דיר געבען דעם פרוכת פֿון קדשי קדשים.

די אידען. אָה! אָה!

סאַלאָמע. גיב מיר יוחנן׳ס קאָפּ!

הורדוס (זינקט אַראָב אין זיין שטוהל). זאָל מען איהר געבען, וואָס זי פֿערלאַנגט! זי איז ווירקליך איהר מוטער׳ס קינד! (דער ערשטער זעלנער קומט צו. הורודיה ציהט אַראָב דעם טויטען־רינג פֿון׳ם וויצע־קעניגס האַנד און דערלאַנגט איהם דעם זעלנער, וועלכער טראָגט איהם גלייך צו צום תליון. דער תליון זעהט אויס דערשראָקען.) ווער האָט צוגענומען מיין רינג? כ׳האָב דאָך געהאַט אַ רינג אויף דער רעכטער האַנד. ווער האָט אויסגעטרונקען מיין וויין? ס׳איז דאָך געווען וויין ביי מיר אין בעכער. ער איז געווען פֿול מיט וויין. אימיצער האָט עס אויסגעטרונקען. אָה, איך בין זיכער, אַז אימיצען וועט טרעפֿען אַן אונגליק! (דער תליון לאָזט זיך אַרונטער אין די ציסטערנע.) אַה! נאָך וואָס האָב איך געגעבען מיין וואָרט? קעניגע טאָרען קיינמאָל ניט געבען זייער וואָרט. האַלטען זיי עס ניט, איז

שרעקליך, און האַלטען זיי עס יאָ, איז פונקט אַזוי שרעקליך...

הורודיה. מיין טאָכטער האָט זעהר גוט געטהאָן.

הורדוס. איך בין זיכער, אַז עס וועט עפּעס טרעפען אַן אונגליק.

סאַלאָמע (בויגט זיך אָן איבער דער ציסטערנע און הערט זיך צו). ניטאָ קיין שום קלאַנג. איך הער גאָרנישט. פאַרוואָס שרייט ער גאָר ניט, אָט דער מאַן? אַה! ווען אימיצער זאָל מיך וועלען טויטען, וואָלט איך געשריען, כ'וואָלט זיך געוועהרט, כ'וואָלט עס ניט געדולדעט... האַק, האַק, נעמן. האַק, זאָג איך דיר... ניין, איך הער גאָרנישט. ס'איז שטיל, ס'הערשט אַ מורא'דיגע שטילקייט אונטען. אַה! עפּעס איז אַרונטערגעפאַלען אויף דער ערד. כ'האָב עפּעס געהערט פאַלען. ס'איז דעם תליון'ס שווערד. ער האָט מורא, דער שקלאַף! ער האָט אַרונטערגעלאָזט זיין שווערד אויף דער ערד. ער סמייעט איהם ניט צו טויטען. ער איז אַ טרוס, אָט דער שקלאַף! מען מוז אַרונטערשיקען זעלנער. (זי דערזעהט הורודיה'ס דיענער און ווענדט זיך צו איהם.) קום אַהער, דו ביסט דאָך געווען דער פריינד פון יענעם, וואָס איז איצט טויט, ניט אמת? נאַ, זאָג איך דיר, אַז עס איז נאָך ניטאָ גענוג טויטע דערווייל. זאָג די זעלנער, זיי זאָלען אַראָבגעהן און מיר ברייגען דאָס, וואָס איך האָב פערלאַנגט, דאָס, וואָס דער וויצע־קעניג האָט מיר צוגעזאָגט, דאָס, וואָס געהערט צו מיר. (דער דיענער טרעט אָב צוריק. זי ווענדט זיך צו די זעלנער.) קומט אַהער, איהר זעלנער. געהט אַרונטער אין אָט די ציסטערנע און ברייגגט מיר ארויף דעם מאַן'ס קאָפּ. (די זעלנער טרעטען אָב צוריק.) וויצע־קעניג, וויצע־קעניג, הייסט אייערע זעלנער, זיי זאָלען מיר אַרויפברייגגען יוחנן'ס קאָפּ!

(אַ גרויסער, שוואַרצער אָרם, דער אָרם פון'ם תליון, שטרעקט זיך אויס פון דער ציסטערנע אַרויס, האַלטענדיג יוחנן'ס קאָפּ אויף אַ זילבערנער שיסעל. סאַלאָמע גיט איהם אַ כאַפּ. הורדוס

פֿערדעקט זיך דעם פּנים מיט זיין מאַנטעל. הורודיה שמייכעלט
און פֿאָכעט זיך. די נוצרים פֿאַלען אויף די קניע און זאָגען אַ תּפילה.)

אַה! דו האָסט ניט געוואָלט מיך לאָזען קושען דיין מויל, יוחנן! נו! אַצונד וועל איך איהם שוין קושען. איך וועל איהם בייסען מיט מיינע צייהן, ווי מען בייסט איין אין אַ צייטיגער פרוכט. יאָ, איצט וועל איך שוין קושען דיין מויל, יוחנן. כ'האָב עס דיר דאָך שוין פֿריהער געזאָגט, ניט אמת? יאָ, כ'האָב עס דיר געזאָגט. נו, איצט וועל איהם שוין קושען... אָבער, פֿאַרוואָס קוקסט דו ניט אויף מיר, יוחנן? די אויגען דיינע, וועלכע זיינען געווען שרעקליך, וועלכע זיינען געווען פֿול מיט צאָרן און פֿעראַכטונג, זיינען איצט צוגעמאַכט. פֿאַר-וואָס זיינען זיי איצט צוגעמאַכט? עפֿען אויף דיינע אויגען! הויב אויף דיינע ברעמען, יוחנן! פֿאַרוואָס קוקסט דו גאָר ניט אויף מיר? וואָס זשע, האָסט מורא פֿאַר מיר, יוחנן, וואָס דו ווילסט גאָר אויף מיר ניט אַ קוק טהאָן?... און די צונג דיינע, וועלכע איז געווען ווי אַ שלאַנג, וואָס שפּריצט מיט גיפֿט, זי בעוועגט זיך שוין מעהר ניט. זי זאָגט גאָרנישט, יוחנן, אָט די רויטע שלאַנג, וועלכע האָט מיך מיט איהר גיפֿט בעשפּיגען. דאָס איז דאָך מאָדנע, ניט אמת? ווי קומט עס מאַקע, וואָס די רויטע שלאַנג ריהרט זיך מעהר פֿון אָרט ניט?... דו האָסט פֿון מיר ניט געוואָלט וויסען, יוחנן. דו האָסט מיך פֿערשטויסען. דו האָסט מיך פֿערוואָרפֿען מיט זלזולים. דו האָסט מיך בעהאַנדעלט ווי אַ זונה, ווי אַן אויסגעלאַסענע פֿרוי, מיך, סאַלאָמע, הורודיה'ס טאָכטער, די פּרינצעסין פֿון יהודה! נו, יוחנן, איך לעב נאָך און דו ביסט טויט, און דיין קאָפּ איז ביי מיר אין די הענד. איך קען טהאָן דערמיט וואָס איך וויל. איך קען איהם אַרויסוואַרפֿען פֿאַר די הינד און פֿאַר די פֿייגעל פֿון דער לופֿט, דאָס וואָס די הינד וועלען איבערלאָזען, וועלען אויפֿ-פֿרעסען די פֿייגעל פֿון דער לופֿט... אַה, יוחנן, יוחנן! דו

ביסט געווען דער איינציגער מאַן, וועמען איך האָב געליעבט. אַלע אַנדערע מענער האָב איך פֿיינט געהאַט; כ'האָב זיי ניט געקענט אָנקוקען. נאָר דו ביסט געווען שעהן. דיין לייב איז געווען אַ זייל פֿון עלפֿענביין אויף אַ זילבערנעם פיעדעסטאַל. ער איז געווען אַ גאָרטען פֿול מיט טויבען און מיט זילבער-ליליען. ער איז געווען אַ זילבערנער טהורם, בעדעקט מיט פאַנצערס פֿון עלפֿענביין. קיין זאַך אין דער וועלט איז ניט געווען אַזוי ווייס ווי דיין לייב; קיין זאַך אין דער וועלט איז ניט געווען אַזוי שוואַרץ ווי דיינע האָר. אין דער גאַנצער וועלט איז ניט געווען קיין איין זאַך אַזוי רויט ווי דיין מויל. דיין שטימע איז געווען אַ פֿאַן פֿון ווייה־רויך, וואָס האָט פֿערשפּרייט די זעלטענסטע דופֿטענדע ריחות אַרום און אַרום, און אַז איך פֿלעג אַ קוק טהון אויף דיר, האָב איך עפּעס אַזוי ווי דערהערט די זעלטענסטע מוזיק. אַה! פֿאַרוואָס האָסט דו ניט געקוקט אויף מיר, יוחנן? מיט דיינע הענד און מיט דיינע קללות האָסט דו פֿערדעקט דיין פּנים פֿון מיר. פֿאַר דיינע אויגען האָסט דו געהאַלטען דאָס דעק־טוך פֿון יענעם, וואָס וויל זעהן גאָט. נו, דעם גאָט דיינעם האָסט דו געזעהן, יוחנן, אָבער מיך, מיך האָסט דו קיינמאָל ניט געזעהן. ווען דו וואָלסט מיך געזעהן, וואָלסט דו מיך געליעבט. איך, איך האָב דיך געזעהן, יוחנן, און איך האָב דיך געליעבט. אָה, און ווי נאָך האָב איך דיך געליעבט! איך ליעב דיך נאָך איצט, יוחנן; איך ליעב נור דיך אַליין... איך דורשט נאָך דיין שעהנקייט; איך געה אוים פֿאַר הונגער נאָך דיין קערפּער. און ניט קיין וויין און ניט קיין פֿרוכטען קענען שטילען מיין פֿערלאַנג. וואָס וועל איך אַצונד טהאָן, יוחנן? ניט די שטראָמען און ניט די גרויסע וואַסערן קענען לעשען מיין ליידענשאַפֿט. איך בין געווען אַ פּרינצעסין, דו האָסט מיך אויסגעלאַכט. איך בין געווען אַ יונגפֿרוי, דו האָסט אַוועקגענומען

פֿון מיר די יונגפֿרוישאַפֿט. ריין, אונשולדיג בין איך געווען, דו האָסט אָנגעפֿילט מיינע אָדערן מיט פֿייער... אַה! אַה! פֿאַר-וואָס האָסט דו מיך ניט געוואָלט אָנקוקען, יוחנן? ווען דו וואָלסט מיך אָנגעקוקט, וואָלסט דו מיך געליעבט. איך ווייס זיכער, אַז דו וואָלסט מיך געליעבט; וואָרים דער סוד פֿון דער ליעבע איז גרעסער איידער דער סוד פֿון'ם טויט. נור אויף דער ליעבע מוז מען קוקען.

הורדוס. זי איז טייפֿליש, דיין טאָכטער, זי איז איינ-פֿאַך טייפֿליש, ווירקליך, דאָס וואָס זי האָט געטהאָן, איז אַ גרויס פֿערברעכען. איך בין זיכער, אַז עס איז אַ פֿערברעכען געגען אַן אונבעקאַנטען גאָט.

הורודיה. מיר געפֿעלט גאַנץ גוט, וואָס מיין טאָכטער האָט געטהאָן. און איצט וועל איך שוין בלייבען דאָ אויף'ן באַלקאָן.

הורדוס (שטעהט אויף). אַה! דאָס רעדט די זינדיגע פֿרוי. קום! איך וויל דאָ מעהר ניט זיין. קום, זאָג איך דיר. איך בין זיכער, עפּעס שרעקליכעס וועט געשעהן. מנשה, ישכר, עוזיה, לעשט אוים די פֿאַקעלען! איך וויל מעהר ניט קוקען אויף קיין זאַך, איך וויל ניט, אַז וואָס עס איז זאָל אויף מיר קוקען. לעשט אוים די פֿאַקעלען! בעהאַלט די לבנה! בעהאַלט די שטערען! לאָמיר זיך אַליין בעהאַלטען אין אונזער פּאַלאַץ, הורודיה. איך הויב אָן מורא האָבען.

(די שקלאַפֿען לעשען אוים די פֿאַקעלען. די שטערען פֿערשווינדען. אַ גרויסער וואָלקען פֿערציהט זיך איבער דער לבנה און פֿער-שטעלט זי אין גאַנצען. די ביהנע ווערט גאַנץ פֿינסטער. דער וויצע-קעניג הויבט אָן ארויפֿגעהן אויף די טרעפּ.)

סאַלאָמע'ס שטימע. אַה! כ'האָב געקושט דיין מויל, יוחנן, כ'האָב געקושט דיין מויל. כ'האָב געפֿיהלט אַ ביטערן טעם אויף דיינע ליפּען — איז דאָס געווען דער טעם

פֿון בלוט?... אָדער איז דאָס פֿילייכט גאָר געווען דער טעם
פֿון ליעבע? מען זאָגט, אַז ליעבע האָט אַ ביטערן טעם...
נאָר וואָס מאַכט עס אויס? וואָס מאַכט עס אויס? איך האָב
געקושט דיין מויל, יוחנן, איך האָב געקושט דיין מויל!

(אַ שטראַהל פֿון דעם לבנה-שיין פֿאַלט אויף סאַלאָמע'ן און בע-
לייכט זי.)

הורדוס. (דרעהט זיך אום און דערזעהט סאַלאָמע'ן). הרג'עט
אָט די פֿרוי!

(די זעלנער גיבען זיך אַ וואָרף און צודריקען מיט זייערע פּאַנ-
צערס סאַלאָמע'ן, הורודיה'ס טאָכטער, די פּרינצעסין פֿון יהודה.)

(פֿאָרהאַנג)